

וו. י. גרינשטיין






געזאַמלט און אַרויסגעגעבן
דורך די
„ליטעראַרישע העפטן"
לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע
1950

# אינהאַלט

# פאָרוואָרט

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך באַוויזן אויף די שפּאַלטן פון די צייטונגען און זשורנאַלן אַ נייער נאָמען — פּאַבל־שרייבער, וו. י. גרינשטיין. פאַראינטערעסירט האָב איך זיך אין אים גראָד ווען איך האָב אים געלייענט אין די „יידישע שריפטן״, אַ צייטשריפט פון דער „עטישער געזעלשאַפט״, רעדאַקטירט פון אבא גאָרדין.

אין אָנפאַנג יאָר 1947 האָב איך דערהאַלטן עטלעכע פּאַבלען פון אים, און איך האָב אים גלייך געענטפערט, אַז מיר געפעלן זייער זיינע זאַכן. איך האָב זיי גלייך אין קומענדן נומער פאַרעפנטלעכט, און שפּעטער, ווען איך האָב געטראָפן זיינע פּאַבלען געדרוקט, האָב איך זיי געלייענט מיט פיל הנאה. פּשוט געזאָגט: זיין השפּעה אויף מיר, הגם איך פלעג אַליין שרייבן אַ היפּש ביסל פּאַבלען פריער, האָט גע־ווערטיקט איבער מיר און איך האָב גענומען שרייבן פּאַבלען און פאַר־עפנטלעכט זיי פון צייט צו צייט אין די „העפטן״.

פּאַבל איז אַ מין חכמהדיקע סאַטירע. אין פּאַבל קען מען אַריינ־שניידן און טרעפן אין ציל און זיך אַרויסדריייען פון דעם באַליידיקטן אָדער דעם געטראָפענעם פּערזאָן.

לייענענדיק וו. י. גרינשטיינס פּאַבלען, קען מען זיי מיט דרך־ארץ שטעלן אויף דעם לייטער מיט קרילאָוון און עזאָפּ. ער, גרינשטיין, איז אַזוי פּילזייטיק אין דער טעמאַטיק, אַז איך קען אים ניט צושטעלן צו קיין צד. אָט האָט ער אַ פּאָליטישן פּאַבל, אָט האָט ער אַ טיף יידישן פּאַבל. אָט האָט ער אַ שטיק פילאָזאָפיע אין זיין פּאַבל.

אָט למשל האָט ער אַ ויכוח צווישן אַ „קירכנגלאָק און אַ מזוזה״. דאָס איז אַזוי פיין אויסגעכאַראַקטעריזירט, מיט אַזויפיל וויזיע, אַז ווען דער ויכוח גייט אָן צווישן זיי, האָט יעדער צד געוויינטלעך זיינס צו זאָגן. און אין סוף פון געראַנגל פון ווערטער, און די לעצטע סטראָפע פון „מאָראַל״ ענדיקט זיך אַזוי:

„יאָ, איך ווייס, מיין אויסקוק איז דיר ניט געפעלן . . .
דאָך מ׳קושט מיך אויף יענער זייט שוועלן . . .

איך מזוזה, וועדליק דיר איז באַוואוסט,
ווער צוליב מיין אינהאַלט געקושט;
דו אָבער — און איך בעט דיך נאָכאַמאָל מחילה —
אויסערלעך קוקסטו אויס פיין אַפילו,
אָבער אין תוך ביסטו גלאַק פוסט . . .״

די פאַבל האָט געמעגט איבערגעזעצט ווערן אין ענגליש, פאַר גויים צו לייענען, ווייל זי איז פול מיט פילאָזאָפישן מאָראַל. אַזוי איז אויך יעדע פאַבל פול מיט דעם, ווי אַ יפת־תואר איז פול מיט חכמה...

איך מוז אָפן זאָגן, אַז פון אַלע יידישע פאַבל־שרייבער שטייט וו. י. גרינשטיין מיט אַ שטאָפּל העכער: אין וויזיע, אין מאגיע, צוי־בערלעך, מאָדעלירט ער זיין פאַבל, און מיר ווערן אַזוי פאַרכאַפּט, אַז מיר קענען זיך ניט אָפּרייסן, ס׳ווילט זיך לייענען און לייענען . . .

איצט וועלן מיר איבערגעבן אין קורצן זיין ביאָגראַפיע:

ווי אַ גוטער ליטוואַק, איז ער געבאָרן געוואָרן במדינת ליטע אין יאָר . . . (דאָס בלייבט אַ סוד). זיינע חדר־יאָרן האָבן זיך ניט אויס־געצייכנט מיט עפּעס באַזונדערעס, כאָטש ניט זעלטן האָט ער געהערט וועגן זיך אַז ער האָט אַ „גוט קעפּל״. איז אימער געווען פאַרטראַכט און דעם קאָפּ געהאַלטן פאַרריסן צום הימל. צוליב דעם האָט מען אים אָנגעהויבן רופן „דער הימל־קוקער״.

אין אַ קורצער צייט גייט ער איבער פון דרדקי צו אַ גמרא מלמד. איינמאָל, ווען ער האָט פאַר זיין רבין געזאָגט די משנה פון בבא בתרא און דערביי גאַנץ אויסווייניק איבערגעגעבן אַלץ וואָס די גמרא זאָגט וועגן דעם, איז זיין רבי אַריין אין אַזאַ התפעלות, אַז ער איז אַוועק צו זיין טאַטן און אים געזאָגט כהאי לישנא: „ר׳ שמואל, אייער גליק איז וואָס איר זייט אַ ייד אַן אָרעמאַן, אַז ניט וואָלט איך אייך אויף גוזר געווען איר זאָלט אייער זון תיכף קויפן אַ גאָלדענעם זייגער״. נו, קיין גאָלדענעם זייגער האָט ער נישט געקראָגן, אָבער דערפאַר האָט מען אים, ווי אַ גמרא למדן, אַוועקגעשיקט אין ווילנע אין דער ישיבה, און צו עלף יאָר האָט ער שוין מקיים געווען דעם „הוה גולה למקום תורה״.

אין ירושלים דליטע הויבט זיך אָן ביי אים צו אַנטוויקלען זיין רעדנער־טאַלאַנט און אַלס ישיבה־בחורל הויבט ער אָן האַלטן רעדעס אין די שולן, און ווערט שפּעטער באַרימט אַלס מטיף לאומי. באַלד איז אַרויס איבער דער מדינה צו אַגיטירן פאַר דעם ציוניזם. אין יענע יאָרן האָט דער באַרימטער שרייבער מבשן געדרוקט וועגן אים אַ לאַנגן אַרטיקל אין „הזמן״ און אים אָנגערופן אַ וואונדער־קינד.

באַלד ווערט זיין פּרסום אַזוי גרויס, אַז דר. כהן־בערנשטיין, דער

הויפּט פון פּראָפּאַגאַנדע־ביוראָ, אַנגאַזשירט אים אַלס מטיף ציוני. צווישן אַנדערע שטעט באַזוכט ער אויך אדעס, וואו ער זעט זיך מיט מענדעלען, לילינבלומען, ראַווניצקין, ביאַליקן, ש. בן־ציון און אַנ־דערע. און גאָר ניט לויטן ש״ע ווערט ער אַ מגדל בלוריות, פּאַרלאָזט ער זיך לאַנגע האָר, טוט אָן אַ פּאַלערינע און האַלט זיך מעשה גדול. מענטשן זאָגן אויף אים אַז ער קוקט אויס ווי „מאַקסים גאָרקי״, וואָס עס שמייכלט אים גאָר ניט ווייניק. זיין העכסטע מדרגה פון פּאָפּו־לאַריטעט האָט ער דערגרייכט ווען ער האָט אין לאָנדאָן אויפגעטראָטן אויף איין פּלאַטפאָרמע מיט דר. גאַסטער ז״ל, און יבדל לחיים דר. וויצמאַן, דער פּרעזידענט פון „ישראל״.

זיינע יידישע רעדעס פלעגן אַרויסרופן אַ געוואַלטיקע התפּעלות. י. ח. ברענער, וואָס האָט זיך צו יענער צייט געפונען אין לאָנדאָן, פלעגט ליב האָבן מיט אים פאַרברענגען און אַפילו אָפט זיך אַריינלאָזן מיט אים אין ויכוחים. אפשר האָט ער אין אים אַריינגעבלאָזן איינע פון זיינע ליטעראַרישע פונקען . . .

אין לאָנדאָן הויבט ער אָן שרייבן פעליעטאָנען. זיין פעדער האָט אָבער קיינמאָל ניט געהאַט דעם פייער וואָס זיין צונג האָט פאַרמאָגט. אַלס רעדנער פלעגט ער ליב האָבן קוקן אין די אויגן פון זיין אוידיענץ, און ווי נאָר זייערע אויגן פלעגן זיך באַגעגענען, פלעגן זיי ביידע ווי עלעקטריזירט ווערן. ווערטער ווי ראַקעטן פלעגן זיך דאַן אַרויסרייסן פון זיין מויל, פון וועלכע דער עולם פלעגט אַריינפאַלן אין התפּעלות, און וואָס מער דער עולם איז באַגייסטערט געוואָרן, אַלץ מער פלעגט ער, ווי דורך געהיימע פליגל, פליען אַלץ העכער, העכער, ביז ער פלעגט קומען צום העכסטן עקסטאַז.

מיט שרייבן איז שוין גאָר אַנדערש . . . ניטאָ דערביי די טייערע יידישע אויגן, וואָס קוקן אויף אייך מיט אַזויפיל ליבע און דאַנקבאַר־קייט. ניט איינמאָל האָט דער שרייבער אין אים זיך מתקנא געווען אָן דעם רעדנער . . . מען קען זאָגן אַז ס'איז געווען אַ רעגעלער „ויתרצצו״. דער סוף איז געווען אַז ער האָט אויפגעהערט אי צו שרייבן און אי צו רעדן און איז געוואָרן אַ ביזנעסמאַן, געעפנט אַן אַפּטייק (דראַג סטאָר בלע״ז) אין אַמעריקע. אַזוי אָבער ווי בטבע איז ער ווייט פון ביזנעס, און האָט אַפילו קיין ברעקל אַמביציע צו דעם ניט געהאַט, האָט עזאָפּ זיך אָנגעהויבן צו אים באַווייזן אין זיינע חלומות . . .

וואָס עזאָפּ האָט אים דעמאָלט געזאָגט אין חלום, וועט פאַרלוי־פיק בלייבן אַ סוד. איין טאָג באַווייזט זיך פאַר אים היטלער י״ש מיט אַ הינטישן קאָפּ, וואָס האַלט אין איין בילן . . . און ביי אים ווערט

דעמאלט פאַרטיק אַ פאַבל מיטן נאָמען „דער הונט מיטן פאַרריסענעם עק". די פאַבל איז געווען לאַנג, שוין אַ ביסל צו לאַנג, און, ווי דער אמת, אים איז עס גאָר ניט געפעלן; מ'האָט אים אָבער געהאַלטן אין איין לויבן אַז ס'האָט גוטע „עברי" . . .

דער חשק צו שרייבן פאַבלען לאָזט אים שוין ניט אָפּ. ער שרייבט אויף „דעם בעזים" און לאָזט עס אָפּדרוקן אין „טאָג". די פאַבל מאַכט אַ רושם, און מ'לייענט פאַר בציבור. מען איבערזעצט עס אויך אין ענגליש, און ער ווערט אַ שטיקל מפורסם. מען לאַדט אים איין פון פאַרשידענע רעדאַקציעס צו שרייבן, ער באַשליסט אָבער קיין זאַך ניט צו שרייבן אויסער פאַבלען. אין קורצן דערשיינען זיינע פאַבלען אין „פאָרווערטס", „מאָרגן זשורנאַל" און אַנדערע צייטשריפטן, דערונטער אויך אין דער „צוקונפט". באַלד ווערט ער געקרוינט אַלס דער צווייטער קרילאָוו. פּרץ הירשביין ז"ל דריקט זיך אויס, אַז זיינע זאַכן האָבן אין זיך „אַלע עלעמענטן פון אַ גוטן פאַבל"; יעקב גלאַנץ דערקלערט אים אַלס „דער גרעסטער ממשל משלים בישראל"; מנשה אונגער דער־קלערט אַז זיינע פאַבלען וועלן געוויס אַריינגיין אין די יידישע כרעס־טאָמאַטיעס; יעקב גלאַטשטיין דערמוטיקט אים פריינדלעך, און מרדכי דאַנציס (רעדאַקטאָר פון „טאָג") רעדט מיט באַגייסטערונג פון זיינע פאַבלען. מ'הויבט אים אָן שיקן לידידי בריוולעך, אין וועלכע מ'דריקט אויס באַגייסטערונג פאַר זיינע פאַבלען — און ענדלעך הערט ער זיינע פאַבלען אויף דער ראַדיאָ.

אָט אַזוי איז ער געוואָרן אַ פאַבל־דיכטער בישראל.

און דאָס איז דאָס ערשטע בוך וואָס די „ליטעראַרישע העפטן" גיט אַרויס פאַר אַ פּרעמיע פאַר זיינע לייענער. מיר האָפן אַז די לי־טעראַרישע וועלט וועט הנאה האָבן פון וו. י. גרינשטיינס פאַבלען, ווי איך האָב הנאה געהאַט.

**ב. דיימאַנדשטיין**
רעד.־ארויסגעבער פון די
„ליטעראַרישע העפטן"

טשאַטאַנגאַ, אָקטאָבער, 1949.



# דער בעזים

אַ שטראַל פֿון די הויכע ספֿערן, אַ מהלך פֿון דאַנען,
האָט שוועבנדיק דערזען אַ בעזים, וואָס איז אין אַ ווינקל גע־
שטאַנען,
און זייענדיק העפֿלעך, האָט ער אים באַגריסט.
כּידוע, „אַז גאָט וויל — דער בעזים שיסט" —
טאָ האָט ער באַלד אָנגעהויבן שיסן מיט טענות וועגן זיין מערכה,
באַקלאָגט זיך אויף די מענטשן און אויף דער השגחה.
— קיינער — האָט ער געזאָגט — קאָן ניט צווייפֿלען אין מיין נוץ,
איך רייניק אַלע שמוץ,
קער אויס אַלע מיסט.
און מיסט איז דאָ אַ סך!
אין די הייזער, אויף די גאַסן, אויף יעדער זאַך,
אין די קראָמען און קאַנטאָרן פֿון יעדן פֿאַך, —
דאַרום האַלט איך אַלץ אין איין קערן, אַרבעט שווער און פֿיל
אַבי עס זאָל זיין ריין — אָט דאָס איז מיין ציל.
צום סוף פֿאַררוקט מען מיך אין אַ ווינקל . . . איז דאָס מיין שכר?
איז דאָס דער כּבֿוד, וואָס מען גיט מיר דערפֿאַר? —

אַ שיין פּונם שטראַל האָט געגעבן אַ ציטער
און באַלויכטן דעם בעזים מיט אַלע זיינע ריטער.
דער שטראַל האָט געטאָן אַ באַדייטנדיקן לאַך
און געזאָגט קורץ (שטראַלן רעדן ניט קיין סך):
— יאָ, דיין אַרבעט איז זייער וויכטיק.
ביי אונדז אָבער האַלט זיך יעדער שטראַל
אָן דעמדאָזיקן כּלל:
„דער וואָס זוכט יענעם רייניקן—זאָל אַליין זיך האַלטן ציכטיק!"
דאָס זאָגנדיק האָט ער אַ שוועב געטאָן צו די ספֿערן.

## מאָראַל:

די בעזימער וועלן תּמיד יענעמס מיסט האַלטן אין קערן;
אָבער זיך אַליין רייניקן — פֿון דעם ווילן זיי ניט הערן.

# די ברענענדיקע לאַנטערנע

אַ ברענענדיקע לאַנטערנע איז געשטאַנען אין דרויסן
און געררויכערט מער ווי געברענט, אָבער נישט דאָס בין איך
אויסן . . .
פּלוצים, רופט זיך אָפּ דער קנויט, לאמר, אַזוי צו זאָגן:
— חברה, איך קען שוין דאָס מער נישט פאַרטראָגן!
איך בין דאָ דער איינציקער, וואָס שאַפט דעם פּלאַם,
בשעת איר אַלע, אָן אויסנאַם,
זענט פּוסט־און־פּאַסניקעס, במחילה,
פוילענצער, וועלכע גיבן זיך קיין ריר נישט אַפילו!
בלויז איך, קנויט, ברען פאַר אייך אַלע!

דערויף האָט דאָס רעדעלע געגעבן אַ תשובה אַ גלאַטע:
— ברענען? — נו, יאָ: דאָס איז דאָך דיין איינציקע מעלה.
אָן דעם ביסטו דאָך, קנויט, אַ פּשוטע שמאַטע!
און וואָס דו זאָגסט, אַז איך גיב זיך נישט קיין ריר —
איז עס, מחילה, אַ טעות. איך רעגוליר:
דריי אַרויף, דריי אַראָפּ, אַהער, אַהין —
ווייל סתם ברענען האָט דאָך נישט קיין זין.
עס פאָדערט זיך רעגולאַציע
און טאַקע אויך סטימולאַציע,
מע דאַרף וויסן וואו אַיין און וואו אויס . . .
כ'בין דער פאַרוואַלטער — מיין נוצן איז זייער גרויס!

— און איך בין שוצמאַן, — זאָגט דאָס גלאָז;
— כ'היט דעם פּלאַם פון אַ ווינט, וואָס טוט אַ בלאָז . . .
בייזע רוחות זיינען דאָ אַ סך די צייטן . . .
און ס'וואָלט געווען אָד־און־ווייִ, ווען איך בין פון ווייטן!

— וואָס פּלוידערט איר דאָרט, צו אַלדי קלאָגן?!
האָט דער פּעטער אויל־קאַן געטאָן זאָגן;

— ס'איז אַלץ מיין אויל! און לאָמיך עס אויפהערן —
וואָס וואָלט דען פון אייך אַלע ווערן?
אַלע זענט איר ביי מיר אין די הענט.
בולוואַנעס, צי ווייסט איר נישט, אַז אין מיר איז אַלץ געווענדט?!
איך בין דער עיקר פון אַלע עיקרים, דער פרט און דער כלל —
איך פאַרמאָג דעם קאַפּיטאַל!!!

טאָ הערט אויף פּלאַפּלען, שלימזלניקעס, רעדט נישט פיל. —
פאַר אַ ווײַלע איז געוואָרן שטיל . . .
אַלע האָבן דרד־ארץ געקראָגן
פאַר דער פעטער קאַן, וואָס טוט אויל פאַרמאָגן — — —

ערגעץ נישט ווייט איז אַ שוועבעלע געלעגן.
קיינער האָט עס נישט באַמערקט, קיינער האָט עס נישט געזען.
און פּלוצים איז עפּעס געשען:
דאָס שוועבעלע האָט זיך געטאָן אַ צינד אָן
און בליציק, ווי איר שטייגער, אַ זאָג געטאָן:
— ווען איך, שוועבעלע, וואָלט מיין קעפּל נישט געריבן,
וואָלט איר אַלע אין דער פינצטער דאָך פאַרבליבן . . .

**מ אָ ר אַ ל :**

רעספּעקט פאַר די שוועבעלעך, וואָס טוען זייערע קעפּלעך געבן!
ווען ניט זיי, וואָלט חושך־פינצטער פאַרבליבן אונדזער לעבן...

## דער קוימען און דער רויך

דער קוימען אויפן דאַך, פון אַ הויז ערשט געמאַכט,
האָט אויף דער הויכער מדרגה דערזען זיך,
און ער טוט אַ טראַכט:
„ווי איך זע, שטיי איך דאָ העכער פון אַלעס,
בין איך מסתמא, מיט אַלע מעלות . . ."
— דרך ארץ! — רופט ער אוים מיט גאוה אָן שיעור,
פון בעסטן לייים געקנאָטן האָט מען מיך,
און מיין יעדער ציגל,

טראָגט דעם זיגל —
פון סאַמע בהיר . . .
קומט מיר דערפאַר דער אויבן־אָן!

דאָ האָט זיך דערהערט אַ שטילער זשומען,
אַ רויך, אַ דיקער, איז פּלוצים געקומען.
— ווי וואַגסטו?! וואָס איז דאָס פאַר אַ זין?!
האָט דער קוימען געשריען, אַ שרעק, —
צי ווייסטו, חצוף, ווער איך בין?
די מינוט זאָלסטו פון דאַנען אַוועק!!
דער רויך, אַ ביטערער יונג,
כאַפּט זיך אָפּט אַריין אין לונג,
פליט הין און צוריק, פייל אויס בויגן,
און טיילמאָל עסט ער אויס די אויגן, —
האָט טייוולאָניש געטאָן אַ לאַך,
און באַשאָטן דעם קוימען מיט סאַזשע אַ סך . . .

— קוקט נאָר אָן די גאוה — אַ מלך אויפן טראָן!
פון אַלע דעכער,
ביסטו טאַקע העכער;
אָבער פאַרגיים ניט דעם נאָז אַזוי הויך!
דו שפּילסט זיך, ברודערל, מיטן רויך!
פון מיר קיין נחת וועסטו שוין ניט האָבן פיל, —
כ׳וועל דיר אַזוי פאַרשוואַרצן דיין לעבן,
ביז דו וועסט פון מיר לערנען, — ווי פון אַ גוטן רבין,
אַז גאוה — איז אַ נאַרישער שפּיל.

מאָראַל:

פאַרדרייסטו דעם קאָפּ צו הויך —
׳סטו כאַפּן אַ פּסק, אַז ס׳וועט גיין אַ רויך . . .

# חיה־צוימערין און דער קאָמיקער

גע׳שמ׳ט האָט די שיינע אַנוטע,
פון אַלע חיה־צוימער, די גוטע,
איז זי געווען דער בחיר.
מוראדיק ברומען די חיות מיט רציחה אָן שיעור,
אָבער ווי נאָר די שיינע אַנוטע
באַווייזט זיך ביים טיר —
אין איין האַנט רעוואָלווער, אין דער אַנדערער — קנוטע,
שטיל ווערן די חיות, מ׳הערט ניט קיין מוק . . .
לייבן און טיגערן — ציטערן פאַר איר קוק!
קונצן געוואַגטע ס׳טוט איר געלינגען,
ווי קעצעלעך, דורך רייפן, מאַכט זי זיי שפרינגען . . .
יאָ, זי איז מוטיק, גאַנץ באַשטימט:
ניט אומזיסט איז זי אַזוי באַרימט . . .

ס׳איז נאָך אַ פאָרשטעלונג, זי טוט זיך באַלד איבער,
נאָך איז בייטש און רעוואָלווער אין איר באַזיץ,
און אין קאָסטיום שפרייזט זי ווי אַ גבור,
פלוצים דערלאַנגט זי אַ מוראדיקן קוויטש!
בלאַס ווערט דאָס פנים, ס׳ציטערט איר גוף,
געשווינד אויף אַ שטול — זי כאַפּט זיך אַרויף,
און מיט באַנומענע קולות זי שרייט: „העלף!״
הא? וואָס איז געשען?
וואָס באַדייט איר גרויסער שרעק?
פאַרוואָס ציטערט זי רירן זיך פון פלעק?
זיינען עס לייבן, טיגערן צי וועלף?
ניין! זי האָט . . . זי האָט . . . אַ מייזל דערזען!
באַמערקט עס דער קאָמיקער פון אויבן,
און הויבט באַלד אָן צו לאַכן.
שטעלט אויף די הענט פון ביידע זייטן,
און דעקלאַמירן טוט ער פון ווייטן:
— אָ, הערט נאָר מענטשן, הערט,
באַגיין טוט איר ווילדע זאַכן,

כ'בין פון אייך אַנטוישט, פון אייך איך ווער דערשיטערט.
פע! אַזאַ וועלט וואו אַליץ איז פאַרקערט:
אונטערטעניק מאַכט איר לייבן,
און פאַר אַ מויז — איר ציטערט . . .

## די נאָדל און די שפּילקע

די נאָדל און די שפּילקע באַלאַנגען ביידע צום זעלבן צעך,
דאָך האָבן זיי איינער דעם צווייטן געשטאָכן,
זיי טוען עס אַפילו צום נאָענטסטן שכן,
צו אַ קרוב, צו אַ פרעמדן, גאַנץ עגאַל:
זיי האָבן אַן אייזערנעם כלל:
פאַרמאָגסטו אַ שפּיץ —
טאָ שטעך!
די חברה האָבן פון דעם אַזאַ הנאה ווי פון בעסטן וויץ.

די נאָדל האָט די ערשטע געטאָן אַ שטאָך:
— אַ קלאָג צו דיר, שפּילקע, אַ בראָך!
אָן אַ מויל ביסטו דאָך;
אַפילו ניט קיין סימן . . .
באַהיט זאָל מען ווערן פון אַזאַ מום,
אי דום, אי שטום!
ס'איז דער גרעסטער חסרון אין דער וועלט,
ווען חלילה אַ מויל איינעם פעלט . . .
נו, מיט מיין מויל מעג איך זיך באַרימען .

— און ווערליק איך האָב געהערט, פריינט לעבן,
איז דער גרעסטער חסרון, וואָס קען נאָר געבן,
אַ גרויס מויל, וואָס רעדט אַ סך . . .
אַחוץ דעם ביסטו דאָך אָן אַ קאָפּ
און — — —
— לאָז געמאַך!
— האָט די נאָדל גענומען מאַכן גוואַלדן, —
ווייסטו ניט, דו כלאָפּ,
אַז מיין קאָפּ איז ביי מיר אין מויל באַהאַלטן?

ווי קומסטו צו מיין פּאַרנעם?
איך, נאָדל, האָב אַ נאָמען, ברוך השם . . .
ביי די שניידער אַן אָרט פּאַרנעם . . .
דרך ארץ, די נבזה, פאַר מיר, נאָדל!

„שוין איינמאָל אַ שטאָך! דער'הרג'עט זי שיער"
— אַזוי האָט די נאָדל געטראַכט —
די שפּילקע אָבער האָט זיך אויסגעלאַכט.
ניט אומזיסט טוט זי אַ קעפּל פאַרמאָגן,
ווען מ'דאַרף — קען זי גוט אַריינזאָגן! . . .
גיט זי זיך אַזוי אַ זאָג אָפּ:
— פון דיין פלוידערן כאַפּט אַזש אָן אַ גרויל,
ווי פון אַלע וואָס זייער קאָפּ ליגט אין מויל . . .
גענוג דיר שפּילן די ראָלע פון אַ גדול!
ווילסט כ'זאָל דרך ארץ האָבן פאַר דיר,
אָבער ווען דו וואָלסט געהאַט אַ שטיקל בינת אדם,
און ניט געווען אַזאַ נאַרישער „שמיליק",
וואָלסטו פאַרשטאַנען דאָך דעם גרויסן חילוק
צווישן דיר או מיר:
„דו האַלטסט דיין קאָפּ אין מויל, און איך—מיין מויל אין קאָפּ...

## דער ציגן-באָק און דער חזיר

אין דער ליטע, אין אַ שטעטעלע יאַלאָק,
איינע פון יענע באַרימטע מקומות,
האָט געלעבט אַן אַלטער ציגן־באָק
מיט אַ בכבודיק בערדעלע. האָבן די בהמות,
צוליב דעם, געמאַכט אים פאַר אַ דיין.
(אַ שאָד, ס'בערדל ער ריכט אָפּט איין אין קלייען) . . .

איינמאָל ווי ער שטייט אַזוי אין שטאַל,
קומט צו אים דער חזיר צוגיין;
(אַז חזירים קריכן איבעראַל —
איז שוין אַן אַלטער כלל) . . .

— זאָג מיר, דו באָק, דעם שכל וויל איך דערגיין,
אלמאי דער „חמור", וואָס ניט איז ער מעלה גרה,
און ניט זיינען זיינע קלויען געשפּאָלטן,
און לויט ווי מ'זאָגט פון דער תורה,
האָבן ביידע סימנים פּאָר „טריפות" געגאָלטן;
אָבער „טריף ווי אַן אייזל" האָב איך קיינמאָל ניט געהערט —
ביי מיר אָבער איז פאַרקערט:
ווי דו זעסט, געשפּאָלטענע קלויען טו איך פאַרמאָגן,
דאָך „ט ר י ף  ו ו י  ח ז י ר" האַלט מען אין זאָגן.

דו ביסט דאָך עפּעס אַ דיין, אַ גאַנצער מאַכער, —
בייזערט זיך דער דבר־אחר, —
טאָ זאָג מיר פאַרוואָס בין איך ערגער פון אַ ליאַדע חמור?
פאַרוואָס אַנטלויפט מען פון מיר ווי פון אַ טכויר?

דער ציגן־באָק האָט מיט ישוב־הדעת
זיין בערדל געשאָקלט הין און הער,
אַ קנייטש געטאָן דעם שטערן און געטאָן אַ קלער,
און געענטפערט האָט ער שאַרף, און אַפילו מיט כעס:

— דיין חוצפּה, חזיר, איז זייער גרויס!
לא די וואָס דו ביסט אַ טריפהנער ביין,
ביסטו דערצו נאָך אַזוי געמיין —
און שטעלסט אַ „חזיר־כשר־פיסל" אויס! . . .
כדי אָפּצונאַרן לייטן — — —
(אַזוי טוען חזירים אַלע צייטן) . . .
ווילסט מ'זאָל מיינען, אַלץ איז כשר ביי דיר —
דערפאַר ווייכט מען פון דיר ווי פון אַ בייזן געשוויר . . .

געוויס אויך דער חמור איז אַ טריפנאַק;
אָבער ניט ווי דו, קיין צבועק!
יאָ, ער איז ניט כשר; נו, איז עס פאַר אַלעמען קלאָר . . .
דו אָבער היפּאָקריט איינער,
דו חזיר געמיינער,
בלאָפסט מיט „בשר־כשר" גאָר!
וואָס מער דיין „כשר־פיסל" האַלטן וועסטו אויסגעשטעלט,
אַלץ מער „טריף ווי חזיר" — זאָגן וועט די וועלט . . .

# די לאָפּעטע און דער אַלטער בוים

די לאָפּעטע האָט אַ קבר געגראָבן
פאַר אימיצנס אַלטער באָבען;
אַ דירה, אַ לעצטע, פון דלד אמות,
פון וואָס מ'מאַכט שוין ווייניק רעקלאַמעס . . .

שאָקלט זיך דער בוים פול מיט בלעטער,
וואָס שטיל איז אין שיינעם וועטער,
און אין שטורם — רעדט ער:
— גענוג דיר גראָבן, לאָפּעטע,
ביסט דאָך שוין אַ פאַרסאָפּעטע! . . .

פון דיין מלאכה — קברים גראָבן,
דו מוזסט, אַפּנים, הנאה האָבן . . .
איטלעכער אויף דער וועלט,
קלייבט אויס דאָס, וואָס אים געפעלט,
און גיט איינער זיך אָפּ קברים־מאַכן —
ליבט ער, מסתמא, אַזעלכע זאַכן . . .

— האָסט אַ טעות, אַלטער גרייז, —
האָט די לאָפּעטע צעווייגט זיך שיר,
פאַלש איז דיין אורטייל וועגן מיר!
צי דען איז דיר ניט באַקאַנט,
אַז איך גראָב דווקא זייער גערן,
קאַרטאָפליעס, בוראַקעס און זיסע מערן,
אויך ריבן זאַפּטיקע און נאָך אַזלכע שפּייז,
וואָס ממש צעגייט זיך אין יעדן אבר . . .
דאָס איז אַליך ווען כ'בין ביים גערטנער אין האַנט.

ווען אָבער צוליב דער ביטערער דאָליע מיין,
איך פאַל צום קברן אַריין —
דאמאָלט, ווי איז מיר, אַלטער גרייז,

גראָב איך ניט מער קיין זיסע שפּייז,
נאָר דעם ביטערן קבר . . .

מ אָ ר אַ ל :

דיין שיקזאַל מענטש, איז אָפט געווענדט —
צו וועמען דו פאַלסט אַריין אין די הענט.



## די פליג און די שפין

(צו די שלשים פון דוב גרונער או די אַנדערע דריי מאַרטיטער)

ס'איז געווען נאָך יענע גרויסע זיגן,
ערגעץ באַזעצט האָט זיך אַ קיבוץ פליגן,
און פלייסיק באַוועגט זיך הער און הין, —
געזוכט, מסתמא, אַ שטיקעלע ברויט . . .
צי קומט דערפאַר דער ביטערער טויט?
יאָ, אַזוי האָט באַשטימט פון סביבה די שפין.
פאַרשפּרייט זי איר שפּינוועבס אַרום און אַרום,
וואַרט זי טייוולאָניש, מיט געדולד;
פאַרן קרבן וואַרט זי ביים טיר . . .
ש־ש! אַ פליג געטאָן האָט אַ זשום —
באַלד . . באַלד . . . די פליג צאַפּלט זיך שוין ביי איר . .
„באַצאָלן וועסטו דערפאַר מיט דיין לעבן!
ס'איז דיין אייגענע שולד!"
און תיכף זי הויבט אָן וועבן
אויפן האַלדז אַ שטריק — —
ס'העלפט קיין שרייען, קיין געבעט;
אַ שפין, דעם קרבן — גיט ניט צוריק!
יאָ, זי מאַכט גאַנץ וויניק שהיות,
ס'זיינען תמיד גרייט די תליות
די פליג הענגט שוין . . . וואַרפט זיך הער און הין,
מציל זיין — איז שוין צו שפּעט — —

זי הענגט אויף דער תליה, אָן משפט, אָן דין;
ווי די פליגן, ווען אַ שפּין איז זייער היטער! . . .

— — — — — — —

פּלוצים האָט די שפּין געטאָן אַ ציטער,
געקומען איז אַ קול פון ערגעץ ניט ווייט,
און דייטלעך געטאָן האָט זי הערן:
„דער בעזים" קומט! ס'איז צו רייניקן צייט:
באַלד וועט'ך שפּין און שפּינוועבס פאַרקערן! . . .

## לימענע, נוס און האַמער

די לימענע איז אַ זאַפטיקע פרי,
און לאָזט זיך קוועטשן . . . געלויבט דער בורא!
פאַרדינט זי טאַקע אַ שבח דערפאַר;
דען ווי אַלע ווייסן,
אַז אין אַ טאָג אַ הייסן,

איז אַ קאַלטע לימענאַדע —
פּשוט אַ מחיה!

זאָגט צו איר דער האַרטער נוס,
און מאַכט דערביי אַ בייזע העויה:
— וואָס איז דאָס פאַר אַ שטות,
ווי נאָר אימיצער אַ קוועטש דיך טוט,
אַזוי גיסטו באַלד דיין זאַפט?
שטייף דאַרף מען זיין!
דו אָבער ביסט צעקראָכן,
ווייך אָן האַפט —
קוועטשן דיך אַלע אַזוי פיין . . .
ווען דו האָסט אָבער שכל,
וואָלסטו כ,לעבן,
אַ פייג זיי געגעבן!

יאָ, לימענע, מ'טאָר נישט זיין צו גוט!
נו, אוודאי . . .

דאָ האָט דער האַמער, וואָס פאַרמאָגט בלויז איין פּוס,
דערפאַר אַ געזונטן קאָפּ, —
זיך אַ הויב געטאָן אַרויף און אַראָפּ,
און מיט איין קלאַפּ, דעם האַרטן נוס
אויף שטיקלעך צעבראָכן . . .

— „הלך לעולמו!״ — האָט די לימענע דעם שפּרוך ניט פאַרגעסן,
און חברה געלאָדן, די יאדרע צו עסן, —
געזשאַלעוועט, זאָל ער מיר מוחל זיין, אַ ברעקל ביים לעבן,
נו, איצט וועט ער שוין אַלץ אָפּגעבן . . .

## מאָראַל:

אונדזער וועלטעלע וואָלט געוואָרן אַ ביסעלע גראַמער,
ווען די „האַרטע נוס״ עפנט זיך אָן דעם האַמער . . .

## די הון און די קו

ערגעץ אויף אַ בערגל מיט היי
האָט אַ הון אויסגעלייגט אַ פרישע איי, —
און תיכף גענומען שרייען: קאַ־קאַ!
ק־קאַ־קאַ! קאַ־קאַ־קאַ!
אויף אַזעלכע הויכע טענער,
אַז זי האָט אַזש איבערגעשריען די הענער.
אַ קו מיט אַ וואַזשנע בייכל, נאָר אַ גרויסע באָלטוכע,
וואָס האָט גראָד געהאַלטן אין קייען,
האָט זיך אָפּגערופן צו דער הון במנוחה:
— הינדל, וואָס איז דאָס פאַר אַ שרייען?
נעמסט זיך אפשר איבער מיט דיין רויטן קאַם?
דו גרויסע אידיאָטקע דו, אָן שכל, אָן טעם,
מו—מו—מו—מו!
אַ הינדל באַדאַרף האָבן דרך־ארץ פאַר אַ קו!

ענטפערט די הון: — אַ אידיאָטקע בין איך אין דיינע אויגן?
נו, אוודאי ביסטו פון מיר געשייטער! . . .
איך, ווען עס קמט מיין צייט זיך צו לייגן,
איז ניט קיינער זעט מיך,
ניט קיינער בעט מיך;
איך טו אַ שפרונג אויף מיין נעסט,
און איינס—צוויי —
איך דערלאַנג מיין איי:
„נאַט, חברה, עסט!"
דו, אָבער, מעגסט אַרומגיין מיט אַ געשוואָלענעם אייטער —
וועסטו דיין מילך ניט לאָזן פליסן,
אימיצער זאָל דערפון קענען געניסן . . .
דו האָסט נאָך דיין גאַנצן לעבן
קיין טראָפּן מילך ניט געגעבן,
ביז . . . מ'הויבט דיך אָן מעלקן! . . .
ווילסטו מ'זאָל דיר שטיין צו־קאָפּן און גלעטן . . .
דיך חנפענען און בעטן;
און אויך דאמאָלט דערלאַנגסטו אין אַ „טיי־לעפל":
טראָפּן ביי טראָפּן . . .
מע דאַרף דערצו נאָך האָבן גליק,
ווייל ניט זעלטן טוסטו אַ בריק —
און קערסט איבער דעם גאַנצן שעפל . . .

— — — — — — — —

די קו שטייט זיך רואיק אויף אַן אָרט,
און אסור אויב זי הערט אַפילו אַ וואָרט!
זי איז מעלה־גרה.

קא־קא! פאַרלירן צייט מיט דיר איז אַן עבירה,
רעד מיט איינער וואָס האָט הערנער . . .
לאָמיך בעסער גיין אויפפּיקן עטלעכע קערנער.

# ד ע ר  מ י י ל ש ט י י ן

אין מיטן וועג איז אַ מיילשטיין
געשטאַנען, געווען גרויס און קליין
דעם וועג ווי צו גיין.

קומט אָן אַ וואַנדערער, אַ מידער,
זעצט ער זיך לעבן אים אַנידער.
דער מיילשטיין ער קען עס ניט פאַרטראָגן,
און הויבט באַלד אָן מוסר אים צו זאָגן:

— העי, וואָס איז דאָס פאַר אַ שטייגער,
מינוטן לויפן אויפן זייגער,
און דו בן־אדם זיצסט גאָר
ליידיק?! אוי, עס איז אַ גרויל!
שטיי אויף! מ'טאָר ניט זיין פויל!

עד מתי? ביז ווי לאַנג איז זיצן דיר דער שיעור?
דעם דרך המלך, ווייז איך דיר;
גראָד איז דער וועג, אָן אַ דריי,
וואַנדערער, שטיי אויף און גיי! —

דער וואַנדערער זאָגט אַרויס זיין וואָרט,
און מאַכט עס קורץ און שאַרף,
כדבעי — ווי מען דאַרף:

— מיין ליבער מוכיח, המכונה מיילשטיין,
רעדן טוסטו דווקא שיין;
אָבער מיר דאַכט, אַז געהערסט צו יענעם סאָרט,
וואָס הייסן רק דעם  אַ נ ד ע ר ן  גיין, —
אַליין אָבער רירן זיי זיך ניט פון אָרט . . .

מ אָ ר אַ ל :

ווען דו זעסט אַ מאָראַל־פּרעדיקער טוט וואָס פאַרבאָטן,
קיין קשיות, ידידי, ניט פרעג!
ער איז, פאַרשטייסטו, אין מיילשטיין געראָטן:
ער ווייזט בלויז  י ע נ ע ם  דעם וועג! . . .

## אַ שמעק־טאַבאַק

אַ זילבערן פּושקעלע האָט געהאַט רב שמעיה,
געהאַלטן דאָרט שמעק־טאַבאַק פונם בעסטן טיטון,
און ווען נאָר ער פּלעגט אַ שמעק טאָן דערפון,
פּלעגט ער זאָגן: „אַ, וואויל, אַ מחיה!"
איינמאָל, ווען ער האָט צווישן די פינגער
געהאַלטן דעם טאַבאַק און זיינע נאָזלעכער צעשפּרייט
און פאַר אַ גוטן שמעק געווען איז ער גרייט —
דאָ הערט ער ווי שמעק־טאַבאַק רעדט ווערטער:
„די מענטשן, זיי האָבן בייזע צינגער!
אָט האָב איך פון אייך ניט איינמאָל געהערט:
„ס'איז קיין שמעק טאַבאַק ניט ווערט!"
פאַרוואָס אַזוי ביליק? פאַרוואָס אַזאַ שפּאָט?
צי האָט איר ערגעץ אַזאַ מין געבאָט:
פריער הנאה צו האָבן פון געוויסע זאַכן
און דערנאָך דערפון חוזק צו מאַכן?!"
רב שמעיה האָט די דרשה אויסגעהערט מיט געדולד
און געטאָן אַ גוטן שמעק ער האָט:
„האַפּטשי! עס זאָל דיך ניט פאַרדריסן,"
האָט ער ניסנדיק געזאָגט, „ס'איז אָבער דיין אייגן שולד!
הנה (האַפּטשי!), זיי וויסן,
ווען דו טוסט (האַפּטשי!) אַ טובה אַ יידן,
וואו עס זאָל ניט זיין, קיין שום חילוק,
לאָז אים נאָכדעם אָפּ, לאָז אים צופרידן!
דו אָבער, שמעק־טאַבאַק, במחילה,
לאָזט אים שוין ניט אָפּאָטעמען אַפילו
ביז ער מוז פון דיר אָנהויבן ניסן . . .
און דאָס איז, וואָס מאַכט דיך אַזוי ביליק!"

### מאָראַל:

מאַנכע מענטשן זיינע אַזוי פאַרביסן,
אַז וויבאַלד איר וועט פון זיי פאַר אַ „שמעק־טאַבאַק"
גענים,
וועט איר ס'גאַנצע לעבן דערפון האָבן צו ניסן . . .

# דער שופר

צווישן פידל באַס או סאַקסעפאָן,
און די פּיאַנאָ אויבן־אָן,
באַנדורע, פלייט, קאָנצערטינע
און אַנדערע כלי־זמר — באַווייזט זיך אויף דער בינע
דער שופר, און הויבט אָן בלאָזן:
— תקיעה . . שברים . . תרועה . .
און מאַכט דערביי אַזאַ מין תנועה,
אַז ס'ווערט זיי אַלעמען קאַלט . . .

— האַלט!
טוט אַ ברום דער באַס,
אויף אַ קול, אַז געהערט האָט מען אין דער צענטער גאַס, —
דעם חצוף, ווער האָט עם אַריינגעלאָזן?!
איז גאָר ניטאָ קיין השגחה?

הויבט אָן דער שופר זיך בעטן:
— חברה, אין אייער אָרקעסטער נעמט מיך אַריין;
אַן אינסטרומענט בין איך גאָר פיין,
אַ בריה אויף סאָלאָס און דועטן,
און אַפילו קוואַרטעטן — —

— די טירן אָפּהאַקן מ'וועט פאַר דיר נאָך בילעטן!
האַקט אים איבער דער טראָמבאָן, —
טראָג זיך פון דאַנען, דו האָסט דאָ ניט וואָס צו טאָן!
חוזקט גאַליק די באַנדורע:
— קוקט אָן זיין פנים, זיין ליכטיקע צורה!
אפשר אַ שפיל טאָן שאָפענס „יום הקבורה״?
אויפהענגען דאַרף מען אים לעבן דער מצה־שמורה,
בע־בע! שורע — בורע! . . .
לאַכן אַלע און עס ווערט אַ סומאַטאָכע.
אַ קלאַפּ מיטן שטעקל פון דיריגענט,

וואָס אָן אים איז אַלץ געווענדט.
דער עולם ווערט שטיל און וואַרט . . .

אין פּאַלצעטאַ רעדט ער האַרט:
— שופר, וואָס פּראַוועסטו פאַר אַ שטיק?
תקיעה, שברים — וואָס איז דאָס פאַר אַ מוזיק?!
ביי אונדז גייען ניט אַזעלכע נאָטן!!!

— אַדוני הקאַפּעלמייסטער!
מיט די תקיעות מיינע קעמף איך קעגן שׂטן!
איך פאַרטרייב די בייזע גייסטער,
און די קליפּות, רחמנא לצלן — —

— וואַרפט אים אַרויס, דעם שאַרלאַטאַן!!!
האָבן אַלע מיט אַמאָל
גענומען שרייען אויפן קול.

— בים-באָם!
האָט דער פּויק געטאָן אַ קלאַפּ און זיך באַלד פאַרהאַקט;
האָט דער צימבל צוגעבאַמקעט, גאַנץ נאָכן טאַקט.

— — — — — — —

דאָס דיריגענטן-שטעקל, דער אויטאָריטעט, דער גרעסטער,
באַוועגט האָט זיך הער או הין,
געשאָקלט זיך, ריטמיש, ווי צום טאַנץ,
און אַרויסגעטראָגן דעם פּסק-דין:
— דער שופר שפּילט אויף פ אַ ל ש ע נאָטן,
ער ער איז אַ דיסאָנאַנץ;
צולאָזן אים צום אָרקעסטער —
איז זייער שטרענג פאַרבאָטן! — — — —



# דאָס שטויסל, דער ריב-אייזן און דער וועק-זייגער

אַ קופּערנע שטויסל, בלאַנקט, אַ פּראַכט,
און אַ ריב־אייזן פון פּשוטן בלעך, —
אויףביידן אין קיך, איז געווען אַ פּאַרדאַכט,
אַז זיי זיינען אין דייטשלאַנד געמאַכט . . .

ס'ריב־אייזן האַלט זיך גאַנץ פרעך,
אַ „פעלדפעבעל" — ריר מיך ניט אָן!
ווי ער וואָלט געווען אַ באַראָן,
און זיין טיטל איז: „הער פאָן";
יאַ־וואָהל!

שטויסל אָבער געווען איז עלעגאַנט,
געשייערט, פּאָלירט און שאַרמאַנט;
העפלעך פאַרנייגט זיך: „איך האַבע די עהרע"!
געוואָרן דערצויגן אין אַ „קולטור־"אַטמאָספערע.

רופט זיך אָפּ צו אים דער וועק־זייגער:
— זאָג נאָר, וואָס איז דאָס פאַר אַ שטייגער,
אַליץ כאַפּסטו, וואָס קומט דיר אונטער דער האַנט,
סיי פון אינעווייניק, סיי פון דרויסן . . .
און האַלטסט עס אין איין שטויסן?
דו שעמסט זיך נישט? — אַ חרפּה און אַ שאַנד!

דאָס שטויסל האָט אים אויסגעהערט געדולדיק,
און געענטפערט: — איך בין ניט שולדיק!
ס'איז דער ס ט א מ פּ, מיין הער!
שולדיק איז אַליץ ער!
יאָ, דער קערל איז זייער געמיין;
אָבער איך? — ביטע, שיין — —

— נו, און וואָס האָסטו צו זאָגן? —
ווענדט זיך דער זייגער צום ריב־אייזן, —

דיינע קרבנות ברוטאַל — קומען אָן קלאָגן —
האַלטסט אין איין מאַטערן . . . ביסלעכווייז צערייבן . . .
אַז קיין זכר פון זיי זאָל ניט בלייבן . . .
דערויף זיינען דאָ מוראדיקע באַווייזן — —

— איך?! נאָך איין מאָל, דאָנער־וועטער!
אויסגעטראַכט האָבן זיי, די פאַררעטער!!
די צעריבענע... הם! זייער אייגענע שולד, מעגסט מיר גלויבן,
די פאַרשאָלטענע היטן ניט אָפּ זייער אָרט,
כסדר קריכן זיי, וואו ס'איז פאַרבאָטן! . . .
ווייסן אַזעלכע, וואָס „געזעצן" באַדייטן?
ווי וואַגן אַזעלכע צו קומען פון אויבן? . . .
ווען זיי האַלטן זיך א ו נ ט ן, אָדער גאָר ביי די ז י י ט ן,
גיב איך דיר מיין ערן־וואָרט,
אַז אַ האָר וואָלט זי ניט שאַדטן! . . .

רעד זייגער האָט זיין געלאַסענעם טיק־טאַק פאַרלאָרן,
אויפגעברויזט האָט ביי אים אַן איינגעהאַלטענער צאָרן . . .
די „ווייזערס" פינקטלעך, זיי ווייזן די שעה, —
און אָנגעהויבן האָט ער צו קלינגען און וועקן:

— אומשולדיק, זאָגט איר, זייט איר ביידע!
נו, געוויס, ס'איז פאַר אַלעמען קלאָר —
נעבעך, „אומשולדיקע טייבעלעך" אַ פּאָר . . .
קיינער מער פון אייך פאַרדינט ניט אַזוי דעם שטעקן!!
פון אייערע פוילע תירוצים פּלאַצט די געדולד!
ווען אין אייערע פאַרברעכנס איר זייט כאָטש מודה . . .
וואַרפט איר נאָך אויף יענעם די שולד!
תירוצים, תירוצים האָט איר דאָך אַלע,
געוויס, וואָס פאַר אַ שאלה?
ביי אייך אין לאַנד איז קיין שולדיקער גאָר ניטאָ!
ביי אייך איז יעדער מיאוסער שערעץ
צוגעגרייט מיט אַ תירוץ — — — —

# דאָס האַקמעסער

ס'איז געווען אין אַ דאָנערשטיק פאַרנאַכט,
האַקמעסער האָט די פאַרפל געהאַקט גאַנץ באַזאַכט . . .
די שטיקלעך טייג, וואָס זיינעןביים ברעג מולטער געלעגן,
פלעג ער אַ שאַר טאָן אין מיטן און ווי מיט אַ זעג זיי צעזעגן,
נאָכדעם פלעגט ער מיט אייזערנער גבורה
זיי צעהאַקן אויף פּיצלעך, שורה פאַר שורה . . .
געקליבן נחת ווי די פּיצלעך שפּרינגען אונטערן טעמפּן מעסער;
אויף האַקן איז ער געווען אַ מייסטער—וואָס מ'דאַרף ניט בעסער!
יענע נאַכט האָט ער ביייז חלום געזען:
ס'ליגט אַ מולטער פול מיט שטיינדלעך און ער האַקט און האַקט...
און די שטיינדלעך ווי אין כאָר שרייען אַלע אין איין טאַקט:
רק - רק, האַק - האַק!
רק - רק, האַק - האַק!
מיד איז ער שוין פון צו האַקן, ביז וואַנען איז דער שיעור?

אָבער די שטיינדלעך — ס'טוט זיי אַפילו ניט קיין ריר . . .
הויבן זיי אָן פון אים צו לאַכן:
— ביסט אַ העלד בלויז אויף אַזעלכע זאַכן
וואָס זיינען ווייך ווי טייג . . .
אָנו פּרוביר, גיב אונדז אַ בייג
און אַ בראָך אויף צוויי! — —
און די שטיינדלעך לאַכן, לאַכן
און ס'ווערט אים ווינד און וויי!

— — — — — — —

עפּעס איז מיטן האַקמעסער געשען,
ער איז ניט מער ווי אַמאָל . . .
פון חלום געוואָרן איז ער ווי אַ צעדולטער.
רעדט ער צו די צעהאַקטע פאַרפל ניט מיט זיין קול:
— אָ, ליבענקע, איר שיינט דאָך גאָר אַרויס פון מולטער!

מ׳קען פון אייך, קיין עין הרע, אָנפילן צוויי גאַנצע טעפּ;
(די באַלעבאָסטע האָט ליב, זופּ זאָל זיין געדיכט! . . . )
יאָ, און . . . אַנטשולדיקט פאַר מיין האַקן . . . פאַר די קלעפּ;
איך האָב בלויז געטאָן מיין פליכט! . , .

### מאָראַל:

פליכט! ווער האָט עס אויסגעטראַכט? וועלכע קעפּ?
אַזוי דער תליון, וואָס ווערגט זיין קרבן —
טוט זיין פליכט;
דאָס טוט אויך דער אשמדאי אין גיהנום —
לויט זיין אָנזיכט;
און דער נאַצי־הענקער פאַרן וועלט־געריכט, —
אויך ער מורמלט „פליכט!״ — — — —

## דער וואונדער־לאָמפּ און דער אוילבערט

מיט טאַנץ און פּויקן און כלי־זמר אַלערהאַנד,
אַ מענטשן־ים שטראָמט, איז עולה רגל.
די מחנה איילט, פאַרשנעלערט די טריט,
הויך זי טראָגט אַ דגל,
נאָך ניילאַנד, נאָך ניילאַנד,
זי ציט!

„מעוז צור ישועתי״, דערהערט זיך אַ זמר,
די לופט איז פול מיט געזאַנגען . . .
די עדה בלייבט שטיין פאַרן בעלעמער,
וואו אַ וואונדער־לאָמפּ איז געהאַנגען.

דער לאָמפּ, וואָס געוואַרט האָט מען יאָרן,
„ניצוצות״ הייליקע טוט פון אים ברענען . . .
(אַלאַדינס לאָמפּ זיין כישוף האָט שוין פאַרלאָרן)
פון „אחרית הימים״ טעג עס גענענען — — —

„משיח צייטן!" חידושן זיך אַלע,
ווער־זשע איז דער „גואל"? פֿאַלט אַ שאלה.
„על הנסים" פּרובירט איינער דערמאָנען;
דער צווייטער — „הערצל" טוט באַטאָנען.

ביז פֿונם לאָמפּ האָט אַ קול זיך דערהערט:
— רבותי, גיט כבוד צום אוילבערט!
ווען ניט ער מיט זיין שמן זית זך,
וואָלט פֿינצטער געווען נאָך...
זיין כשרן בוימל, טראָפּן פֿאַר טראָפּן
אויסגעגאָסן מיר צו־קאָפּן...
ער האָט געגעבן מיר מיין כוח, מיין שיין,
אַלץ איז, רבותי, זיינס, ניט מיין!
„הידד"! זיינען אַלע מסכים מיט אַמאָל.
און באַלד דערהערט זיך אַ קול:
„יעמוד מאסלינע"!
תיכף מ'האָט איר געבראַכט אויף דער בימה.

די „שוואַרצינקע" פֿאַרפּוצט האָט מען כמנהג הגבירים,
אין אַ בלוי־ווייס העמדל וואָס געווען איז געשריבן:
„שחורה אני ונאוה" — אַ פּסוק פֿון שיר השירים.
— ווער בין איך? און וואָס בין איך? — האָט די מאַסלינע

אָנגעהויבן מיט אַ פֿאַרשולדיקטער מינע, —
אני העני, המכונה מאסלינע, — אוילבערט,
ווי קום איך צו דער „עליה" וואָס איר'ט מיך אויסגעקליבן?
אויב אַזאַ שעה זוכה צו זיין איז מיר באַשערט;
אָבער כ'בין דעם כבוד ניט ווערט...

—איינס נאָך וואָלט איך וועלן הערן,
איר קול ווערט טרויעריק, זי באַנעצט זיך מיט טרערן, —
וואָס האָבן די שונאים אַזוי מיך געקוועטשט?
מיין לייב, ווי איז מיר, איז פֿול מיט וואונדן,
פֿאַרוואָס? דעם סוד וויל איך וויסן.

ענטפערט דער לאָמפּ און זאָגט:
— זית, נעבעך, כ'ווייס ווי מ'האָט דיך געפּלאָגט,
אָבער ס'איז דער פינגער פון השגחה!
די קללה פאַרוואַנדלט איז צו אַ ברכה:
ווען מ'האָט דיך אָנגעהויבן קוועטשן
האָט דיין בוימל אָנגעהויבן צו פליסן . . .

— — — — — — —

זאָל דאָס זיין אַ רפואה צו דיינע וואונדן,
דעם לאָמפּ פון ישראל האָסטו אָנגעצונדן,
אים צו פאַרלעשן איז מער קיינער ניט בכוח . . .

און אַ געזאַנג מיט אַ שטאַרקן קול, אַ זיסן,
האָט זיך צו די הימלען געריסן:
„מעוז צור ישועתי לך נאה לשבח!"

חנוכה תש"ט בשנה הראשונה למדינת ישראל.

## זרש און אסתר המלכה

דאָ שטעל איך אייך פאָר מאַדאַם זרש,
געווים איז באַקאַנט אייך דער נאָמען, —
צען מאָל געוועזן מעוברת,
ביז זי האָט ויזתן געבאָרן,
דער פּער פון די „עשרת בני המן",
ימח שמם.

לויט נאָך די לעצטע ידיעות,
הייגגען זיי אַלע אויף תליות,
צוזאַמען מיטן הינטישן טאַטן.
הלואי אויף אַלע המנס געזאָגט געוואָרן!
אַיאָ, יידעלעך, ס'וואָלט נישט שאַטן? . . .

זרש, אין די אויסטערלישע מלבושים אירע,
תכלת פון פרס, פון מדי ארגמן,
און שטרוים־פעדערן פון שושן הבירה —
האָט אויסגעזען ווי אַ ליאַלקע.
פּלוצים זי טוט אַ קוויטש: אסתר המלכה!
זיי געגריסט, אָ, אסתר, אויף דיינע ליפּן אַ זיסער שמייכל,
און פון די יידישע אויגן ס׳בליצט אַרויס דיין שכל —
איז מיט איר מענה לשון, אַרויס מיסעם המן;
כ׳האָב געהערט הייַנט די מגילה,
ניט געווען אַזאַ רשע מיין מאַן, ווי דער עיקר
אַ טיפּוש, מחילה!
אַ פאָלק געוואָלט פאַרקויפן פאַר צען טויזנט ככר!
און באַלד וואַרפט ער גורל, דער נאַרישער מוח,
דעם טאָג ווען צו פּראַוועון דעם סיום . . .
נו, איר לאַכט זיך אויס פון אַלע שונאים!
עפּעס פאַרמאָגט איר אַ פאַרבאָרגענעם כוח,
אַ געהיימן מיטל, אַזוי זאָגן די אחשתרנים,
וואָס איז דער סוד פון אייער קיום?

— אוודאי האָבן מיר אַ מיטל, — זאָגט אסתר, —
איז ער פון אַלע דער בעסטער;
עס ווייס ניט פון דעם קיין אומה ולשון,
אונדזערע עקספּערטן רופן אים „ת ע נ י ת"!...
צי געדענקסטו אין אדר דעם שרעקלעכן טאָג,
ווען דער „להרג ולאבד" געזאָלט האָט געשען?
אין אונדזער גרויסן אומגליק, אין אונדזער גרויסן קלאָג
האָבן מיר גוזר תענית געווען —
און געוואָרן איז ליהודים — שמחה וששון!
ווי דו זעסט, איז עס אַ מיטל איינציק אין זיין מין . . .
איז אויב וועלכע אומה איז אינטערעסירט דערין —
וועל איך דיר געבן די כללים אָפּצוהיטן — כדת וכדין . . .

— אסתר, — האָט זרש אויסגערופן, — צי מאַכסטו פון מיר
לצנות?
ניטאָ קיין אַנדער פאָלק וואָס זאָל אויסהאַלטן אַזאַ תענית! . . .

הוספה לפורים:

לחיים ייִדן! אַ סוף צום לאַנגן אסתר־תענית,
אַן עק צו די צרות, צו ייִדישע יסורים,
טרינקט־זשע און מאַכט אַ פריילעכע מינע!
געקומען איז דער ליבער פורים,
און געבראַכט אייך שלח מנות —
אַ ייִדישע מדינה!...

## דער חנוכה־לאָמפּ

ס'איז חנוכה נאַכט.
דער עלעקטרישער לאָמפּ ברענט אין פולן פּראַכט,
דערזעט ער ערגעץ פון ווייטן
אַ חנוכה־לאָמפּ אַן אַלטן,
צוויי לייבן ביי די זייטן,
אַ מגן־דוד — אין מיטן,
און זינגט „על הנסים"; זיינען ניטען
האָבן אים פון געדולד אַרויסגעבראַכט,
האָט ער פּאַר אים אַ דרשה געהאַלטן:

— העי, דו חנוכה־לעמפּל, שמן זית זך!
דו לעבסט נאָך?!
איך פאַרשפּרייט ליכט! איך שיין און פינקל
אין נאָמען פון פּראָגרעס!!
אָבער דו — וואָס לעמפּלסטו דאָרט?
און פאַרנעמסט אַן אָרט?
עפּעס צוליב אַ נס?! — — —
פּיי־ווי־פּיי ביסטו פאַררוקט אין אַ ווינקל,
קענסט קיין איינדרוק ניט מאַכן;
דיין גאַנצער „על הנסים" מיט די אַלע זיבן זאַכן,
זיינען בלויז מאַטעריאַל — פון וואָס צו לאַכן . . .
— איך בין מודה אין דיין ליכט! —
ענטפערט דער חנוכה־לאָמפּ מיט אַ פרום געזיכט,
יאָ, דיין פּראַכט איז אָן שיעור;

אָבער ווי קומט עס, פרעג איך דיך,
וואָס דו ווערסט פלוצים פינצטער ווי די נאַכט?! . . .
לאַנג שוין האָב איך פון דעם געטראַכט, —
און זאָל דיך ניט פאַרדריסן, —
כ'בין צו אַ באַשלוס געקומען: אַז אי פלוג —
טאַנצסטו לויט אַ קנעפּל־דרוק!

אָט לייכסטו — כפל, כפלים;
פלוצים — ס'ווערט חושך־מצרים . . .
פינצטערניש און ליכט, שיין און נעפּל —
אַליך ווענדט זיך לויטן דרוק פונם קנעפּל . . .
יאָ, ס'איז אַ זייער טרויעריקע שפּיל,
פון וואָס איך קען דערציילן פיל . . .
מיר, חנוכה־ליכטלעך, זיי ווייסן —
האָבן נאָך פאַר קיין שום קנעפּלעך
ניט געבויגן אונדזערע קעפּלעך!!
מעג די פינצטערניש אַרום אונדז זיין ווי געדיכט,
וועט תמיד דאָך שיינען די חנוכה־ליכט . . .

## דער בלאָז־זאַק

אַ רעדאַוואַקע איז דאָ פון אַמאָליקע צייטן,
ליגן דאָרטן קוילן פון ביידע זייטן,
פון צוויי פירמעס: „זראַעל" און „זמאַעל", —
און באַוואַכט זיינען זיי פון גיבורי חיל.
אָפט טוט דאָרט אַ פונק אַ גלי פון אַ שריפה,
וואָס געמאַכט האָט דאָרט אַן אַלטע מכשפה . . .
איין טאָג האָט אַ הונט געטאָן אַ האַווקע,
באַווייזט זיך אַ בלאָז־זאַק אויפן בריק פון רעדאַווקע,
פון יענע בלאָז־זאַקס „געמאַכט אין בריטאַניע",
וועלכע האָבן אַזאַ מאַניע,
שטענדיק צו פאָכען —
און אַ פייער אויפבלאָזן ביים שכן . . .
פאַרשטייט איר דאָך שוין מן הסתם,

אַז די קוילן האָבן זיך אָנגעצונדן — פייער און פלאַם! . . .
בלאָזט פרײלעך דער בלאָז־זאַק: „ס'קומט אויף אײַך אַ שטראָף!
באַלד, באַלד און פון אײַך װעט װערן אַ סוף . . .״
בלאָז־זאַק, דוראַק, האָסט דאָס מאָל ניט געטראָפן!
די מעשה איז גאָר, גאָר אַנדערש פאַרלאָפן:
אַזוי ווי ער איז מיטן געלעגן
האָט אים אַרומגעכאַפּט דער פייער פון ביידע ברעגן,
און ער האָט אָנגעהויבן ברענען מיט אַזאַ רעש —
אַז פאַר'שרפ'עט איז ער געוואָרן אויף אַש . . .
יאָ, דעם פייער האָט ער אויסגעבלאָזן פאַר זיך אַליין!
געבליבן איז דאָרט קיין זכר פון זיין געביין.
די קוילן אָבער זיינען באַלד פאַרלאָשן געוואָרן,
און זיינען געבליבן אין גאַנצן,
ניטאָ מער קיין רויך . . . דערזען אַ הימל אַ קלאָרן —
און ווידער האָבן זיי אָנגעהויבן גלאַנצן . . .

**מ אָ ר אַ ל :**

אויב דאָס לעבן איז ביי דיר טייער —
זאָלסטו צווישן שכנים ניט אויפבלאָזן קיין פייער . . .

## די קוקאַווקע און דער קאַנאַריק

די קוקאַווקע איז לאַנגזאַם געפלויגן,
און פאָרזיכטיק געקוקט מיט די אויגן . . .
אירע לייבלעכע קינדער, אין די אייגלעך נאָך,
אונטערגעוואָרפן אין אַ פרעמדן נעסט.
אויסגעבעט איז דאָרט מיט ווייכן מאָך,
לעבן זאָלן די קינדערלעך אויף פרעמדער קעסט.
און באַלד אויף אַ צווייגל אַרויפגעשפרונגען,
און פריילעך זיך צעזונגען:
קו־קו!
קו־קו!

דאָס אַלץ האָט דער קאַנאַריק געזען,
וואָס איז דערביי געווען;

רופט ער זיך אָפּ: אַ זינגערקע ביסטו אַ קנאַפּע דווקא,
דערפֿאַר אין מוטער־ליבע שטייגסטו אַלעמען אַריבער,
קוקאווקע.

די קוקאווקע האָט זיך אָנגעבּרוגז'ט און געענטפערט מיט
אַ קוויטש:
— פֿע, ס'איז אַ נאַרישער ווייץ!
אַלטמאָדיש ביסטו, מיין זינגער,
און טאַקטלאָז איז דיין רוף,
וואָס איך פֿאַרמאָג אין פֿינגער
האָסטו דאָך ניט אין דיין גאַנצן גוף!
ביי דיר איז רעכט כ'זאָל זיך ניאַנטשען מיט קינדער,
ניין, קאַנאַריק, ניט אַזוי גיך!
צי פּאַסט עס דען פֿאַר אַזאַ דאַמע ווי איך?
אויפֿברייענגען קינדער היינטיקע צייטן!
נו, בעסער אַז זיי זיינען פֿון וויטן . . .
און איצט טראָג זיך פֿון דאַנען געשווינדער!

דער קאַנאַריק, אַ זינגער מיט געפֿיל,
האָט ניט ליב געהאַט רעדן פֿיל . . .
און דערפֿאַר געענטפערט אין קורצע זאַצן:
— דיין ווערדע וויל איך ניט אונטערשאַצן,
בלי ספק ביסטו אַ „מאָדערנע דאַמע“;
אָבער אויף שטיינער זאָל וואַקסן אַזאַ מאַמע!
ער איז דאַן אין טרעלן זיך פֿאַרגאַנגען,
און אַ שוועב געטאָן אין אַ וועלט פֿון געזאַנגען.

## מאָראַל:

אַ וואָרנונג צו טאַטעס און מאַמעס,
וואָס לאָזן אויף הפקר זייער קינד, —
אונדזער יוגנט פֿאַרלאָזט די יידישע „דלד אמות“,
און פֿרעמדע נעסטן זיך טוליעט . . .
און איר לאָזט זיך וואוילגיין און הוליעט,
ניטאָ קיין מחילה פֿאַר אַזאַ זינד!

# די באַר און די בליטן

זומער־לעב, דער באַרנבוים געווען איז באַדעקט
מיט בליטן פון אַלערליי קאָלירן,
האָט עפּעס געטאָן פּאַסירן
וואָס האָט זיי אויפגערעגט
און פאַרשאַפט זיי צער:
חושבדיק, קליין און דאַר,
האָט באַוויזן זיך אַ גרינע באַר·

— העי, וואָס ווילסטו דאָ, דו גרינע —
האָבן זיי געפרעגט מיט אַ בייזער
און מיט רוגזא אין קויל, —
וואָס ביסטו געקומען מיט אַמאָל,
ביי אונדז אויף די צווייגן?

מיר זיינען דאָ תושבים, ס'איז אונדזער היים!
מיר בליען,
מיר גליען,
מיר זיינען לייטן גלייך;
אָבער דו, וואָס ביסטו דאָ שייך?
ווי קומסטו ביי אונדז אויפן בוים?
ניין, מיר וועלן עס ניט פאַרשווייגן!

— נישקשה, פון אַ ברוך הבא! — ענטפערט די באַר,
— נו, אייך קומט אַ דאַנק דערפאַר!
אָבער פאַר אַזעלכע שיינע בליטן,
האָט געפּאַסט אויך שיינע זיטן . . .

למה רגשו בליטן?
איר ווילט מיך ביי אייך ניט אין מיטן . . .
אָבער וואָס האָט איר אַזוי מורא?
איך פאַרזיכער אייך, און בעט נעמען אין זינען:
אַז ווי נאָר כ'וועל זיך דאָ אויסגרינען,
וועט פון מיר ווערן גאָר אַ וואַזשנע פרי! . . .

# דער שור־הבור און דער לויתן

אין אוקינוס ליגט לויתן, אין מויל ער האַלט זיין עק,
רואיק ליגט ער און גענעצט, רירט זיך ניט פון פלעק.
גייט פאַרביי דער שור־הבור, טוט ער אים אַ רוף:
— העי, וואָס איילסטו, שול־הבר? וואוהין טראָגסטו
דעם שווערן גוף?

— טויזנט בערג אויסצורייסן *)
איז מיין עובדא יעדן טאָג, —
אַ סך מוז מען גרייטן צו פאַרבייסן,
ווען אַזאַ גוף מ'האָט — ווי איך פאַרמאָג.
דערפאַר בין איך אַ טרוד, מ'האָרעוועט און יוצא! . . .
מחשבותן, און דו, מיין ליבער לויתן,
וואָס טוסטו פאַר פרנסה?
דו האָסט אויך גאָר נישקשה פון אַ שלינגער,
גרעסער פון אַ פלאָטקע, מיין איך, און אַפילו אַ שלייען —
און פון וואַנעט נעמסטו אַזוי פיל צו קייען,
און דו ליגסט און דרעמלסט גאָר.
— וואָס, דו זעסט ניט? ביסט דאָך ניט קיין בלינדער,
איך לעב פון מיינע קינדער!
געזונט זאָלן זיין די קינדער — פיש,
פון חלב ודבש גרייטן זיי מיר צום טיש . . .

צייט אויך פאַר דיר זיך אויפהערן פלאָגן!
מ'ווערט דאָך עלטער — ניט יונגער, —
ווייסטו וואָס איך וועל דיר זאָגן:
טו אַזוי ווי איך, מיין ליבער שור־הבר,
וועסטו פאַרשפּאָרן האָרעווען שווער און ביטער,
און לעבן וועסטו ווי אַ שררה . . .

דער שור־הבר האָט זיך אויפגעשטעלט,
אויסגעגלייכט די פלייצע, —
די ערד אונטער אים האָט געטאָן אַ ציטער, —
און געזאָגט: איך דאַנק דיר פאַר דער גוטער עצה,
אָבער בעסער צו רייסן בערג — ווי איך טו עס אַצינדער —
איידער איך זאָל דאַרפן אָנקומען צו קינדער!

---

*) לויט דער לעגענדע פאַרשלינגט דער לויתן טויזנט בערג אַ טאָג.

# די לייקע און דער זייער

אַ לייקע איז אין קיך געהאַנגען,
און ניט ווייט פון איר — אַ זייער.
(פאַר ביידע כלים, אסור אויב איך גיב אַ דרייער . . .)
איינמאָל, אַ באַגינען, ווי די זון איז אויפגעגאַנגען,
האָט די לייקע, אָט ווי איר הערט,
ראפטום זיך איבערגעקערט,
איבערגעקערט זיך צום זייער מיטן רוקן
און אַ זאָג געטאָן: — כ׳וויל אויף דיר ניט קוקן!

האָט דער זייער, דער רונדער,
זיך אַזש אַ קייקל געטאָן פאַר וואונדער.
— דעם אָנשטעל וואָס דו טוסט מאַכן
פּאַסט גאָר ניט פאַר חברים פון די זעלבע פאַכן!
וואָסי? ביסטו אפשר פון מיר גרעסער?
אָדער דיין חומר איז פון מיינעם בעסער?
ביידע קומען מיר פון זעלביקן בלעך,
און געהערן צום אייגענעם צעך:
אונדזער עובדא איז צו רינען . . .

און הגם איך ווייס פון דעם ניט דעם זינען,
דאָך איז ביי מיר קלאָר,
אַז אונדזער מיסיע איז וויכטיק ביז גאָר . . .
הכלל,
סיי לויט פּראָפעסיע און סיי לויטן מאַטעריאַל,
זיינען מיר ביידע גאַנץ עגאַל.
איז וואָס האָט עס פאַר אַ פּנים,
זיך אָנצו׳ברוגז׳ן ווי די שונאים?
האָט געגעבן אַ תשובה די לייקע:
— געדאַרפט האָב איך דיך אָפּ׳פטרן׳ן מיט אַ „תיקו״;
(אַ לייקע פון וועלכער עס טריפט מיט „קידוש״־ווייַן
מוז דאָך אַ שטיקל למדן זיין . . . )

אָבער אפשר וועט עס דאָך זיין פאַר די אַ נוץ, —
און אַחוץ,
דו מאַכסט זיך עפּעס פאַר אַזאַ מין „קאַסריליק",
וואָס זעט כלומרשט ניט צווישן אונדז דעם חילוק;
אָבער ס'איז דאָך קלאָר ווי דער טאָג,
אדרבא, קוק זיך איין און זאָג:
צי האָסטו װען געזען איך זאָל זיך חברן מיט שמוץ?
(וועגן דעם קען דיר זאָגן איטלעכער אין קיך).
וואָרים אַלץ וואָס איז שמוציק — איז געמיין,
דו, זייער, אָבער, לאָזט דורך אַלץ וואָס איז ריין,
און די בלאָטע האַלטסטו פאַר זיך! . . .

## דער „ליטוואַק"

אין אַ פלאַץ וואו מ'פאַרקויפט דעליקאַטעסן
האָט מען צוליב געוויסע אינטערעסן
געהאַלטן אַ גראָפינע וואַסער, וואו פיש זיינען אַרומגעשאומען.
און בשעת דער בעל־הבית איז געווען פאַרטאָן אין די „מזומן",—
האָט דער הערינג מיטן העכט געפירט אַ שמועס:
— ווי גייט עס, העכט, ברודער?
— שאַ! מאַך ניט קיין גערודער!
וואָס פאַר אַ ברודער בין איך דיר? —
האָט דער העכט זיך אָנגעבלאָזן, מעשה גביר.
— דו ביסט אַ הערינג, ביסטו, געהערסט ניט צו די לייטישע פיש!
אַזעלכע ווי דו, זעט מען ניט אויף קיין אנשטענדיקן טיש . . .
— נו, ברודער, העכט,
ס'האַלט נאָך ניט אַזוי שלעכט!
זעסט דאָרט אין טעלער, באַלייגט מיט ציבעלע און מיט פעפער
באַשאָטן —
דאָס בין איך הערינג; און דער־דאָ אין געל־ברוין — ווידער
איך — געבראָטן;
און יענער דאָרט אין ווייסן מילך, מיט לאָרבער־בלעטער באַצירט,
איז, ווי דאָס האַרץ זאָגט דיר — אַ הערינג מ אַ ר ע נ י ר ט ;

און אָט איז איינער מיט כל'ערליי בשמים און מיט אַ פּעטן
קאַרק —
ס׳איז אויך אַ פּשוטער הערינג — מע רופֿט אים „ביסמאַרק".
היינט קאָכט מען מיך מיט ראָזשינקעס, אין זויערן און זיסן;
מע בראָט מיך, מע וועגזעלט מיך — הכלל איך בין מ ט ע מ י ם
פֿאַר אַלע טישן . . .
טאָ הער זיך אויף בלאָזן, ברודערקע, זיי ניט קיין דוראַק!
זיי וויסן, אַז איך קען זיך צופּאַסן צו יעדן גוסט און געשמאַק —
א י ך ב י ן אַ ל י ט װ ו אַ ק! ———

## דער לייב און דער פוקס

(נאָך קרילאָוו)

דער לייב האָט איינמאָל אַרויסגעגעבן אַ באַפֿעל,
אַז אַלע חיות זאָלן צו אַ באַשטימטן טאָג, אויף שנעל —
קומען זיין רעזעדענץ באַקוקן;
און פֿאַר זיין מאַיעסטעט זיך בוקן.
זיין רעזידענץ, אַ פֿינצטערע נאָרע,
איז פֿול געווען מיט ביינער אָפּגעגריזשעטע און בלוט
פֿאַרגליווערטע, און אַ סברא —
אַז דאָרט האָט אַזוי געאַווערט, אַז ס'האָט געקענט ווערן ניט גוט.

און ווען די חיות האָבן דערהערט דעם באַפֿעל,
האָבן זיי באַלד פֿאַרשטאַנען,
אַז ס'איז עפּעס ניט גלאַט . . .
און ס'איז זיי געוואָרן ניט פֿריילעך.
דאָך זיי זיינען געקומען אויפֿן שטעל.
אַ ברירה האָבן זיי געהאַט?
דער לייב איז דאָך זייער מלך
און זיי — זיינע אונטערטאַנען.
אָבער זיי האָבן זיך געקליגט,
און צום ערשטן — דעם קראָליק אַריינגעשיקט . . .
דער חברה־מאַן וואָס געוואוינט איז צו פֿרישער גראָז,

ווי נאָר ער האָט אַריינגעשטעקט זיין נאָז,
האָט ער באַלד אויסגערופן ווי ניט מיט זיין קול:
— פע, דאָ אווירט דאָך אַ גרוויל!
— אַזוי?! — האָט דער לייב געטאָן אַ ברום, —
דו ביסט פון די פּרעכע יונגען!
הם — הם — הם ! ! !
און תיכּף אים פאַרשלונגען.

דערנאָך איז דער ציטעריקער האָז אַריינגעקומען:
— מעכטיקער קעניג, גרויס איז דיין גענאָד,
דער ריח דאָ איז פּונקט ווי אין אַ סאָד,
עס שמעקט ווי פון בלומען . . .
אַ, ווי מחיה דאָ איז די לופט,
ס'איז אמתע בשמים־דופט — — —
— שטיל! —
האָט דער לייב געטאָן אַ געבריל —
די חניפה רעדט פון דיין צונג,
און אים באַלד געטאָן אַ שלונג.

— נעקסט! — האָט דער לייב גענומען ברומען,
איז דער פוקס אַריינגעקומען.
די חיות האַלטן זייער אָטעם איין, ווילן זען,
וואָס מיטן קלוגן פוקס וועט געשען.
ס'דונערט דער לייב און פרעגט:
— זאָג מיר, דו פוקס, שטינקט דאָ אָדער שמעקט?
דער ביטרער פוקס זעט באַלד זיין צרה:
ווי ער'ט זאָגן — וועט ער זיין די כּפּרה.
דער לייב, ווייס ער, איז נאָך ניט קיין זאַטער . . .
דאָך אַ פוקסן־קאָפּ ער פאַרמאָגט,
פאַלט ער אויף אַ פּלאַן,
און זיך בוקנדיק, רואיק ער זאָגט:
— איך, דיין געהאָרכזאַמער אונטערטאַן,
בין תמיד גרייט צו טאָן דיין ווילן;

ליידער, קען איך גאָרנישט פילן,
ווייל איך לייד, ניט פאַר דיר געדאַכט, פון קאַטער.

מאָראַל:

די היינטיקע דיפּלאָמאַטן,
אַ'רוח אין זייער טאַטן,
זיי שפּילן דאָך תמיד טעאַטער . . .
און פרעגט זיי עפּעס — איז זייער תירוץ אַ גלאַטער:
האפּטשי! — זיי ליידן, ניט דאָ געדאַכט, פון קאַטער . . .

## די נאָדל־פּאָדעם

די נאָדל האָט זיך מיט איר זיווג, פּאָדעם, צעקריגט
(ס'טרעפט מאַנכע צייטן)
און אַרויסגעקומען מיט זלזולים און קללות:
(גאָר ווי ביי לייטן) . . .
— איך אַרבעט, ניי שטאָך נאָך שטאָך
און דו — וואָס טוסטו?! זאָל דיך כאַפּן אַ בראָך!
פּלאָנטערסט זיך נאָר אונטער די פיס —
איך וועל דיר דערלאַנגען אַ ריס,
אַז ס'וועט פון דיר קיין שריד און פליט ניט בלייבן!
אָט אַזאַ מציאה האָב איך עס געדאַרפט אויסקלייבן!
רק ער שלעפּט זיך מיר נאָך — נישט צו ווער פּטור!
אַז פאַרשלעפּט זאָלסטו שוין ווערן, טאַטע פאָטער!! —

די קללה איז אין אַ בייזער שעה געזאָגט געוואָרן:
די נאָדל האָט דעם פּאָדעם פאַרלאָרן — — — —
זינט דאַן זעט מען איר ניט מער ביי איר פאַך;
מ'האָט איר ערגעץ פאַרשטעקט ווי אַ נוצלאָזע זאַך.

מאָראַל:

צוליב די נאַרישע קריגערייען פון חוה און אדם,
האָבן מיר פאַרטראַכט דעם משל פון נאָדל־פּאָדעם . . .

# די מאַלפּע און די ברילן

אין געדיכטן וואַלד אוראַנגוויי
האָבן געלעבט מאַלפּעס צוויי,
און געהאָדעט זיך אויף אַ גרינעם שטעקן;
פּלוצים איז ביי זיי נעלם געוואָרן די עקן . . .

האָט אימיצער אַרויפגעטאָן אויף זייערע נעזער
מאָדנע ברילן, אויסטערלישע גלעזער:
איין פּאָר רויטע און איין פּאָר גרינע.
די מאַלפּעס זיי קוקן און הויבן אָן טאַנצן,
געזען אַ וועלט אַ נייע גאָר אינגאַנצן . . .

זאָגט די מאַלפּע מיט די גלעזער די רויטע:
— אוף! אַלצדינג איז רויט ווי פייער!
ענטפערט יענע מיט די גרינע גלעזער אויף דער נאָז:
— בע־בע! ביסט אַ לעקיש, אַ שוטה!
אַלץ, אַלץ איז דוקא גרין,
גרין ווי גראָז.
הויבט די ערשטע אָן צו שרייען
און פאַרפאָרט איר באַלד אין זייט.
— גרין?!!
אומזין!!!
אויב דאָס לעבן איז דיר טייער,
זיי מסכים, אַז אַלץ איז רויט,
אלא ניט — מאַך איך דיר דעם טויט!
און פאַרפאָרט איר באַלד אין זייט.
טוט די צווייטע ווילד אַ שפּרונג:
— מיט די נעגל וועל איך אַרויסרייסן דיין צונג!
און טוט אַ כמאַל איר אין די ציינער.
די צוויי האָבן אָנגעהויבן זיך רייסן
און בייסן
און ברעכן די ביינער — —
ווער וויים וואָס עס וואָלט געשען?
אָבער זיי האָבן אין איספּעט די ברילן פאַרלאָרן —
און זייער טעות זיי האָבן דערזען! . . .

דאָ האָבן די קעמפּער זיך אָנגעקוקט,
און מיט בושה — איינע פון די צווייטע זיך אָפּגערוקט.

— ווײ, וואָס פּן אונדז איז געוואָרן! —
האָבן זײ געגרעדט מיט צער.
— מיר האָבן אין אונדזער צאָרן
געמאַכט זיך צום נאַר.
שולדיק זיינען די פֿאַרשאָלטענע גלעזער,
וואָס אימיצער האָט אויפגעהאַנגען אויף אונדזערע נעזער . . .
הלואי וואָלטן מיר פון דעם ניט געוואוסט!

ביידע מאַלפּעס האָב זיך צעקושט . . .

## ד אָ ס  פ אַ ס

דער האַמער געקלאַפּט האָט אויף די רייפן פון פאַס;
געקלאַפּט מיט רוגזה, געקלאַפּט מיט האַס!
די רייפן דעם פאַס אַלץ מער זאָלן איינקלאַמערן,
געטאָן האָט ער האַמערן און האַמערן.
געפּרעסט האָבן די רייפן און דעם פאַס געהאַלטן ווי אין קלעם.
די ברעטער, קרעכצנדיק, האָבן איינער צום צווייטן זיך געטולעט.
אַזוי טוען לעמער אין צייט פון סכנה,
ווען זיי זעען אַ וואָלף און ווייסן זיין כוונה . . .
איינער פון די רייפן האָט מיט מוט געטאָן זיך אַ נעם,
זיך איינשטעלן פאַר די ברעטער —
פאַרשטומט האָט אים דער האַמער: — שווייג, דו פאַררעטער!
פעסטער נאָר דריקן, איר רייפן פון אייזן.
„ווער עלטער איז" — מוז מען זיי באַווייזן!

די שדים האָבן זיך צעהוליעט!
דער האַמער ער הויבט זיך העכער און העכער
און טוט אַ מעכטיקן פאַל — — — —
פלוצים, עס הערט זיך אַ קנאַל!

אויפגעציטערט האָט די גאַנצע גאַס —
געפּלאַצט האָט דאָס פאַס!

מאָראַל:

טיראַנען, איר ציט אָן די רייפן צו פעסט!
דעם כוח פון די מאַסן איר טוט אונטערשאַצן;
ווען זיי וועלן מיט אייך זיך טאָן אַ פאַרמעסט —
וועט אַלץ פּלאַצן!!! — — —

## דאָס יונגע בוימל און דער טשוואָק

(געווידמעט אבא גאָרדין צו זיין 60־יאָריקן געבוירנטאָג)

„דברי חכמים כדרבנות וכמשמרות
נטועים בעלי אסופות".
(קהלת, י"ב, י"א)

אַ טשוואָק, וואָס האָט פון וואַנט אַרויסגעגלאַנצט,
האָט דערזען אַ יונג בוימל, ערשט פאַרפלאַנצט;
טוט ער אים אַ זאָג:
— האַ, געזען אַ גבורה איך פאַרמאָג?!

מיך האָט דער האַמער געטאָן אַ קנאַל,
שטיי איך אין וואַנט אייזן־פעסט;
אָבער דו בוים —
האַלטסט זיך קוים,
קענסט יעדע רגע טאָן אַ פאַל . . .

אַ שוואַכע בריאה, ס'קלענסטע ווינטל מאַכט דיך טאַנצן,
מן הסתם וועסטו באַלד אויסגיין פון די כוחות.
כ'לעבן, וועלכע נאַרישע מוחות
האָבן אויסגעטראַכט דאָס פלאַנצן?
פאַרשפּאָרסט צו מאַכן אַ פאַרמעסט:
קענסט מיט דיין כוח — זיך ניט האַלטן לאַנג,

פאַלן מוזסטו ווי דער זאַנג;
איך אָבער האָט אַ קיום גאָר אַ פעסטן! . . .

— אין כוחות מיט דיר כ׳וויל זיך ניט פאַרמעסטן! —
האָט געזאָגט ס׳בוימל זיך ווינגדיק פון ווינט; —
אמת, שוואַך בין איך אַצינד,
אָבער געהערט האָב איך פון מיין זיידן, דעם אַלטן,
אַז בוימער קענען דוקא לאַנג זיך האַלטן . . .

און אַז שטאַרקער ווערן מיר פון יאָר צו יאָר;
וועדליק דו — ווערסט שוואַכער גאָר!
און אַז דו פאַרלירסט מיט דער צייט
דיין כוח און ווידערשטאַנד,
אויף אַזוי ווייט —
אַז אַ קינד אויסרייסן וועט דיך פון וואַנט . . .

און ווידער האָב איך געהערט זאָגן:
אַז ניט דורך האַמער־שלאָגן,
קען אימיצער זיך באַזאָרגן
מיט אַ „קיום" פאַרן מאָרגן!
טיף דאַרף מען גראָבן,
און דערצו וואָרצלען האָבן...

## מאָראַל:

ווערטער ווי טשוועקעס טוען מאַנכע האַמערן,
זיי געהערן ניט צו מיינע שאַף־קאַמערן;
עס פלאַנצט, דער חכם, ווערטער שטילע גאָר,
און פאַרוואָרצלט בלייבן זיי פון דור צו דור — — — —

# דאָס יינגעלע און די פלאַש

סענדערל איז אַ יינגעלע, אַ שטיפער,
וואָס ווייס קיין הילוק פון אַן אלף ביז אַ ציפער,
און אין חדר וויל דאָס ניט זיין!

דערזעט ער ערגעץ אַ פלעשל פון ווייַן,
טוט דער קונדס ס'העלדזל אַ בראָך,
און מיטן פלעשל ער שפילט זיך דערנאָך —
און כאַפּט באַלד אין פינגער אַ שטאָך . . .

זעט דאָס ייִנגעלע אַז בלוט טוט רינען,
הויבט ער אָן צו וויינען.
זיין פּנימל ווערט נאַס פון טרערן,
און וויינענדיק לאָזט ער די פלאַש צו הערן:
— דו רשע, מרושע, וואָס ביסטו אַזוי שלעכט?
אַ קליין ייִנגעלע צו שטעכן איז ביי דיר רעכט!
ווילסט אַפּנים קיינעם ניט שוינען,
דו גזלן איינער!
ענטפערט די פלאַש: — ייִנגעלע קליינער,
אַ גאַנצע פלאַש, נאָך פון גוטן ווייַן,
ווער קיין גזלן ניט זיין!
הער־זשע, ייִנגעלע, און נעם זיך אין זינען:
ווען דו וואָלסט מיך פריער ניט צעבראָכן,
גאַנצערהייד וואָלט איך דיין פינגער קיינמאָל ניט פאַרשטאָכן...

## מאָראַל:

דער „גאַנצער" מענטש — טשעפּעט קיינעם ניט,
אָבער ווען איינער איז געבראָכן אין גייסט און געמיט —
פאַר יענעם, ברודערל, זיי געהיט . . .

## די קאַרטאָפלע

אין אַ היימישן גאָרטן,
וואו ירקות וואַקסן פון אַלע סאָרטן,
איז אַ קאַרטאָפלע אין דר'ערד געלעגן;
(אַז קאַרטאָפליעס זאָלן ליגן אין דער אדמה,
איז אַ מנהג פון אַלטע צייטן) . . .

באַמערקט זי ווי אַ קירבעס פון ווייטן,
אין וואוילטאָג צעוואַקסן פון זון און פון רעגן,
ליגט זיך אין רחבות צווישן גראָז און בלומען.
דאָס האָט איר פאַרדראָסן מסתמא, —
און זי איז מיט אַ טענה געקומען:
— דעם קירבעס דאָרט אויבן, אַ וועלט אַ ליכטיקע איז באַשערט,
בשעת ביי מיר איז פונקט פאַרקערט . . .
כ'ווייס אַז קנאה איז געמיין;
אָבער אויפן ביטערן מזל מיינעם, איך וויין. —
און געלאָזט האָט זי פאַלן אַ פלוך.

פון ערגעץ, פלוצים, געשווינד ווי אַ רוח,
איז אָנגעלאָפן אַ צעווילדעט פערד,
מיט די קאָפּיטעס עס דריגעט די ערד
און מיט איין זעץ — דעם קירבעס צעשפּאָלטן! . . .
אוי־הו! האָט ער באַוויזן די פערדישע צייג,
געטאָן אַ הירזשע און גענומען ווייטער לויפן . . .
אַ צעווילדעטער פערד — וועט זיך ניט אָפּהאַלטן בשום אופן!

מער האָט שוין די קאַרטאָפלע איר מזל ניט געשאָלטן,
נאָר אַ געלאַסענע, אַ שטילע,
האָט זי מיט כוונה געזאָגט אַ תפילה:
— אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, וואָס כ'ליג אין ד'רערד
און בזכות זה, ניצול געוואָרן בין איך פונעם פערד,
פון זיינע קאָפּיטעס און פערדישע צייג:
געלויבט איז דיין נאָמען, אמן ואמן.

## מאָראַל:

אַ וועלטעלע וואו ווילדע פערד לויפן אום פריי,
און מענטשן ליגן טיף אין דער אדמה . . .
און דאַנקען און לויבן „כל זמן שהנשמה" —
אַזאַ וועלטל איבערניצעווען — איז כ'לעבן כדאי! —

# דער קאָנוועסט

אַ קאָנווערט מיט אַ געלט־אָנווייזונג איז אויף אַ שרייבטיש געלעגן.
דער קאָנווערט איז געווען באַדעקט מיט רויטע זיגלען אויף אַלע ברעגן,
און צושריפטן און פּאָסט־מאַרקעס אַ פולע.
(ווי אין אַזעלכע פאַלן פּאָסירט —
איז עס געווען רעגיסטרירט).
רופט זיך אָפּ דער קאָנווערט צום שרייב־פעדער: — וואָס איז די פעולה,
וואָס דו קריצסט דאָרט אויף פּאַפּיר?
דו בעסער קוק אויף מיר,
ווי איך ווער דאָ אַזוי אָפּגעהיט!
ווייל אַלע ווייסן דאָך דעם ווערט
פון אַזאַ וויכטיקער זאַך ווי אַ קאָנווערט —
דעם כבוד וואָס מיר מען גיט . . . —

דאָ האָט דער בעל־הבית אַרויסגענומען דעם אָנווייזונג, אויס־געגלייכט פיין
און דעם קאָנווערט אַ שמיץ געטאָן אין קאָרב אַריין.
— אוי! — האָט דער קאָנווערט געקרעכט — אַזאַ באַהאַנדלונג!
אַזאַ אומכבוד צו קריגן!
איך, קאָנווערט, זאָל מיט אַלע אָפּפאַל ליגן!! —

דערויף האָט די פעדער געמאַכט די דאָזיקע באַמערקונג:
— ווערדליק איך האָב געהערט,
באַלאַנגט צום אָפּפאַל אויך דו, דער ליידיקער קאָנווערט.

## מ אָ ר אַ ל :

דער אָלרייטניק האַלט זיך תמיד אין איין באַרימען מיט זיין פאַרמעגן; נו, מילא;
ער ווייסט נעבעך, אַז אָן דעם איז ער אַ פוסטע כלי.

# די פּאָדקאָווע

די מעשה דערציילט האָט רב זיסל.
דאָס האָט טאַקע פּאַסירט מיט אים און דעם פּיסל.

אין דער שטאָט נילרעב איז אַ פּיסל געווען,
מיט אַ קלויזע אין העלפט געשפּאָלטן,
און עס האָט דערפאַר פאַר כשר געגאָלטן . . .
איין טאָג, מ'ווייס ניט וואָס ס'איז געשען —
האָט עס באַשטעלט אַ פּאָדקאָווע ביים שמיד.

רופט זיך אָפּ רב זיסל, דער ייד:
— אַ פּיסל וואָס איז ווי געטאָקט
און געשטריקטע זאָקן עס פאַרמאָגט, —
איז וואָס־זשע עפּעס מיט אַמאָל,
מאַכן פון אייזן און שטאָל
אַ פּאָדקאָווע?

— ס'האָט געקרייט די סאָווע! —
ענטפערט דאָס פּיסל —
באַלד מיט דער פּאָדקאָווע ס'טוט אַ קנאַק
און פונקען נעמען זיך שפּרייטן — — —
געוואָרן איז דער ייד אַ בראַק,
און אין געסל פאַרמאַכט האָט מען די קלייטן . . .

מיטן האַרטן אייזן דעם דיקן,
האָט עס אָנגעהויבן בריקען,
און בייכער געשפּאָלטן . . .
רויטע בלוט
ניט קיין ביסל,
האָט אין איין מינוט
גענומען רינען אין די גאַסן . . .
זאָל יענער טאָג זיין פאַרשאָלטן!
פון בלוט איז פּיסל געוואָרן ווי שיכור,
און אָנגעהויבן אַליך רייסן אויף שטיקער,
ס'פּיסל האָט קיין זאַך ניט געוואוסט אויסער האַסן.

האָ? ווער לויפט עס דאָרט פאַרסאָפּעט
און אין האַנט אַ צוואַנג?
„מ'רייסט די פּאַדקאָווע אַראָפּעט",
טראָגט זיך אַ געזאַנג.
ווען אָנגעקומען איז די בשורה,
אַז מ'האָט די פּאַדקאָווע געבראַכט צו קבורה —
האָט זיך עס געטאָן אַ ביסל!
נו, ווידער וועט עס ווערן „חזיר־כשר־פּיסל" . . .
— — — — — — —
און ווייטער דערציילט רב זיסל,
וואָס געפינט זיך ערגעץ אין בריסל,
שוין גאָר מאָדנע זאַכן:
אַז אין מיטן נאַכט, ווען מ'האַלט „חצות" אין זאָגן,
פון קבר וואו פּאַדקאָווע איז באַגראָבן,
הערט זיך אַ טייוולאָניש לאַכן:
— נאַראָנים, צי הערט איר ניט דעם האַמער,
וואָס קלאַפּט הילכיק ביים שמיד אין קאַמער?
די שמידן זיי וועלן אַ נייע פּאָדקאָווע מאַכן!

מ אָ ר אַ ל :

ס'חלומט די וועלט דעם ייִדנס גרויסן חלום:
אוים מלחמה און אייביקער שלום!
אָבער כל זמן עס האַמערן די שמידן —
וועט ניט זיין קיין פרידן . .

## דער שלאָס און דער שליסל

ווען שליסל האָט זיך באַגעגנט מיטן שלאָס,
האָט דער לעצטער געעפנט זיין צינגל דעם גלאַטן . . .
גענומען ריידן און באַריידן גאָר אָן אַ מאָס,
און באַוועלט אַ מאַמען, ס'קינד און דעם טאַטן,
— אוי־אוי, וואָס דאָ טוט זיך אָפּ אַ גאַנצע וואָך!
דו ווייסט דאָך, איך דאַרף נישט קוקן דורכן שליסל־לאָך . . .
ווי דער באַלעבאָס גייט נאָר אַרויס פון הויז — — —

דאָ האָט ער אָנגעהויבן ריידן גאַנץ שטיל,
אין דער גיך, מאָלנדיק ווי אַ מיל:
— דער עיקר די מעשה מיטן שכנס יינגל —
האָט ער ווייטער געקלאַפּט מיט זיין צינגל;
דאָס האָט מיך שוין באמת פאַרדראָסן.
יאָ, וואָס האָב איך דיך געוואָלט פרעגן, ליבער שליסל,
דו האָסט אַפילו אַ קרום פּיסל;
מע זאָגט אָבער אַז דו ביסט נישט קיין נאַר
טאָ דערקלער מיר דערפאַר —
אלמאי איז די טיר אָפן, ווען איך צי אַריין מיין צינגל
און ווען איך צי אַרויס — פאַרשלאָסן?
דער שליסל האָט תיכף געענטפערט, נישט געבנדיק קיין טראַכט:
„פאַר אַ לאַנגער צונג איז די טיר תמיד פאַרמאַכט! . . .”

## דער גראָבער פינגער

דער גראָבער פינגער האָט פון זיך זייער געהאַלטן.
— אַלע, זאָגט ער, ווייסן ווער איך בין;
מיין נאָמען איז באַקאַנט פון פומבדיתא ביז חכמי לובלין.
מיט מיין חריפות קען איך אַ האָר שפּאַלטן;
איך גיב זיך אַ דריי — און ס'ווערט לייכט די שווערסטע
מהרש"א.
זיינען זיך צוויי מפלפל — מאַך איך די הכרעה;
ווען איך צעלאָז זיך אין עמקות אַרויף און אַראָפּ,
הויבט אָן אַזש שווינדלען דער קאָפּ . . .
איז וואָס האָב איך דאָ געוואָלט אויספירן?
יאָ;
וויבאַלד אַז איך בין דאָ —
איז צו וואָס, אַשטייגער, באַדאַרף מען גאָר די געהירן? —
דערויף האָט ער באַקומען אַ תשובה כהלכה:
— בשלמא אַז ס'איז ניטאָ קיין געהירן און דו ביסט מנצח —
איז וואָס איז דאָ די מלאכה?
אלא ס'איז טאַקע יאָ דאָ געהירן—און דאָך האַלט מען פון דיר—
דאָ איז טאַקע די רבותא גרויס אָן אַ שיעור.

מאָראַל:

ציטונגען באַריכטן, אַז נ. האָט געוואונען די דעבאַטע;
פון זיין קעגנער געמאַכט אַן אויסגעדרייטע שמאַטע;
נאָר אָפּגעהיט זאָל מען ווערן פון בייזע צינגער!
זיי זאָגן: „זיין גאַנצע חכמה שטעקט אין גראָבן פינגער" . . .

## די גלוסטיקע פעדער

אַ מאַמזעל איז אין אַ טאָג אַ שיינעם געגאַנגען שפּאַצירן,
האָט זי דערזען אַ פייגעלע מיט פעדערן פון אַלערליי קאָלירן
איז געלעגן אויף דר'ערד און ס'האָט פון איר געטריפט בלוט...
(זי איז געווען פאַרוואונדעט). באַלד צו דער מינוט
איז זי שוין געווען דאָרט!
האָט עס אויפגעהויבן פון אָרט,
געטאָן אַ ליבן שמייכל,
און פאַרזיכטיק, מיט שכל,
האָט זי עס איינגעוויקלט אין טיכל און שמייכלענדיק מיט חן,
האָט זי זיך געלאָזט אַהיים גיין.
יאָ, דער פונק פון רחמנות, דער עכטער,
גליט נאָך ביי חוהס טעכטער!
— — — — — — —
ווען זי איז אַהיים געקומען, —
האָט זי אויסגעטאָן איר הוט מיט די בלומען,
האָט דאָס פייגעלע גענומען גאַנץ באַזאָכט,
עס צוגעלייגט צו איר הוט — און באַטראַכט . . .
מורמלענדיק: „דאָס זיינען די גלוסטיקע פעדערן פאַר מיין הוט!
ס'וועט מיר פּאַסן זייער, זייער גוט."

מאָראַל:

אין דער צייט ווען אונדזערע ברידער פאַרגיסן אויפן שלאַכט-
פעלד זייער בלוט,
האָט איר אין זינען, פון דעם צו געווינען
„די גלוסטיקע פעדער פאַר אייער הוט."
אַ, ציטערט! עס וואַרט אויף אייך די רוט! . . .

# די הגדה און די קניידלעך

פסח, צום סדר, ביינאַכט.
אָפּגעפּטר'ט האָט מען שוין כריין און חרוסת,
די הגדה איז פאַרמאַכט;
הײמלעך װינקען די ארבע כוסות . . .
דער עולם עסט געפילטע פיש, —
דאָ האָט מען די קניידלעך געבראַכט.
פאַראַדנע, אויף אַ שיינעם טעלער,
געשטעלט זיי אויפן טיש,
סאַמע אויבן־אָן — — —
(זקנים, בחורים און אַפילו מיידלעך,
האָבן צו די פעטע קניידלעך —
גאָר אַ שטאַרקן װעלער . . . )

און ווי די קניידלעך האָבן די הגדה דערזען,
האָבן זיי באַלד אויסגעבטל'ט אַלע מכות צען,
און געזאָגט אין אַ ברוגזן טאָן:
— אפשר װאָלסטו זיך פון דאַנען פאַרנומען?!
מ'וועט דאָ אָן דיר אויך אויסקומען!
„ניט די הגדה, נאָר די קניידלעך איז מען אויסן . . ."
פאַרשטאַנען? —
טאָ טראָג זיך אָפּ פון דאַנען!

ס'טייטש, איר'ט דאָך קיינמאָל ניט געלערנט אין חדר,
איז ווי־זשע קענט איר פירן אַ סדר? —
די קניידלעך, פעטע, געדרונגען האָט פון זיי שמאַליץ, —
ענטפערן מיט תקיפות: מיר קענען אַליץ!
יחיק, וואַרף אַרויס די הגדה אין דרויסן!!

זיינען די קניידלעך געוואָרן פאַרהאַוועט,
בעוונותינו הרבים, זיי האָבן דעם סדר געפראַוועט . . .
תיכף דעם אפיקומן פון אונטערן קישן,
האָט מען משלח געווען בחצי הלילה.
און ניט געלאָזט האָבן זיי זינגען „חד־גדיא",

זיי האָט זיך פאַרוואָלט דוקא די ראַדיאָ;
און מען האָט דערלאַנגט ניגונים —
פרעגט ניט קיין שאלה! . . .
ס'האָט זיך געטאָן אויף ביינק און אויף טישן . . .

— — — — — —

די הגדה וואָס איז געווען באַהאַלטן
אינם קיטל אונטער די קליידער, —
האָט ניט געקענט מער פאַרנעמען די געוואַלטן:
— רבותי! — האָט די הגדה אָנגעהויבן זאָגן, —
„כלנו חכמים", שטייט דאָך געשריבן,
טאָ ווי קענט איר דאָס אַלץ פאַרטראָגן?
מ'עט דאָך פון אייך מאַכן כלנו דוראַקעס! . . .
אַלץ וואָס אונדז איז פון סדר געבליבן,
איז „אלו עשר מכות!" . . .
גענוג אייך לאָזן פאַרדולן דעם קאָפּ;
דער פלאַץ פון די קניידלעך איז אין טאָפּ!
דאָרט מעג זיי זיך קאָכן . . .
אָבער ווי קומען די חברה צו פירן אַ סדר?!

„נרצה, נרצה" — האָטמען מסכים געווען פון אַלע זייטן,
און געזאָגט האָט שכן צו שכן:
— די הגדה פאַר קניידלעך — וועלן מיר ניט פאַרבייטן!

מאָראַל:

געוואָרן איז לעצטנס אַ מיאוסע מאָדע:
משלח איז מען די היימישע הגדה,
און די פעטע קניידלעך,ליידער,
זיי פראַווען ביי אונדז דעם סדר . . .

# דער אפיקומן

דער אפיקומן, איינגעוויקלט אין אַ טישטוכל, ווי די מאָדע,
האָט פאַרפירט אַ געשפּרעך מיט די פיר בנים פון דער הגדה...
— איר זעט ווי מען היט מיך אָפּ!
אַזאַ כבוד קריגן ניט אַפילו די קניידלעך אין טאָפּ,
ניט די געפילטע פיש,
און ניט קיין מאכל אויפן טיש.
מע באַהאַלט מיך און מע גייט מיך זוכן,
און דאַן עסט מען מיך מיט כוונה און מע זאָגט „הנני מוכן".
קיינער הויבט זיך ניט פון טיש ביז מע האָט מיך געגעסן,
אָפּהיטן דעם אפיקומן וועט קיינער ניט פאַרגעסן!

דער חכם פון מה נשתנה
האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע טענה
און געזאָגט: יאָ, דיך צו עסן איז מען אָפּגעהיט . . .
כ'וועל דיך אָבער פרעגן,
צי עסט מען דיך אויך מיט אַפּעטיט,
אָדער בלויז פון יוצא וועגן?

מאָראַל:

דער מאַן איז גאַלאַנט, גאָר פיין.
קומט ער אַהיים — קושט ער די ווייב מיט רעספּעקט,
דאָך . . . זי איז אַנטוישט און פאַרלאָרן.
— „פאַרוואָס?" — בעסער ניט פרעגט!
די ווייב איז ביי אים אַן אפיקומן געוואָרן,
ער קושט איר אַבי יוצא צו זיין . . .

# דער אינדיק און דער האָן

אָנגעבלאָזן לויפט דער אינדיק היץ און הער,
האָלדער־האָלדער! — אויפגערעגט שרייט ער.
(די אינדיקעס זיינען תמיד אויפגערעגט) . . .
קומט אָן דער פלינקער האָן און פרעגט:

— וואָס האַלדערסטו און מאַכסט אַזאַ געפּילדער?
וואָס לויפסטו אַרום און שרייסט ווי אַ ווילדער?
אינדיק דו, מיט רויטע קרעלן,
מיינסטו אַז דיין בלאָזן זיך קען אימיצן געפעלן?

בייז און בייזער דער אינדיק בלאָזט זיך אָן . . .
אָט דוכט זיך, פּלאַצט ער ווי אַ באַלון!
ער בליצט מיט די אויגן, שטעלט אויס די שפּאָרן,
פּאָכט מיט די פליגלען און האַלדערט מיט צאָרן:

— פּאַסקודנע!
אַלץ איז דאָ נודנע!
פאַרדאָרבן איז די גאַס!!

— דו נאַרישער אינדיק! — זאָגט אים דער האָן,
שכל האָסטו ווי אַ שפּאָן;
גענוג דיר שרייען, זיין אין כעס,
גענוג שוין זיך בלאָזן, דו נאַר!
כ׳לעבן, אַ קוק טאָן אויף דיר איז אַ צער . . .
און ווען דו בלאָזסט זיך אַפילו ביז איבער אַ יאָר
וועסטו בעסער ניט מאַכן, ניט אויף אַ האָר!

מ אָ ר אַ ל :

אורטיילן זאָלסט מיט ישוב הדעת,
און היט זיך ווי מעגלעך פון כעס;
אויב דו האָסט אַ טענה" — מאַך עס קורץ און בינדיק,
האַלדער ניט און בלאָז זיך ניט ווי אַן אינדיק . . .

## די מזוזה און דער גלאָק

אָפּגעשייערט, בלאַנק ווי אַ שפּיגל,
הענגט דער גלאָק אין „סט. פּעטער";
ער וויגט זיך רואיק ווי אַ וויגל,
גלין-גלאָן! אין גלאָקן-קלאַנג רעדט ער.

פּלוצים, האַ? וואָס זעט ער?
נײן, ס'האָט זיך אים ניט אויסגעדאַכט,
ערגעץ אין ווינקל צום טיר אָנגעשלאָגן
ס'הענגט אַ מזוזה פון פאַרמעט געמאַכט.

— גלינ־גלין! — הויבט אָן דער גלאָק צו זאָגן: —
דאָס ביסטו, מזוזה?
דו בזויזמבוזה,
ווי קומסטו אַהער אין מײן סביבה?

אויב דו דענקסט לעבן מיר פאַרנעמען אָרט —
נו, אויף מײן וואָרט,
ביסטו שוין אַ ביסעלע צו אַ נאַאיווע . . .
דו ווי דײן אומה,
בײדע האָט איר מער קײן תקומה!

גענוג זיך באַרימען מיט דײן יחוס־„באַרג"! . . .
און דײן פאַרמעט — אַ שטיק לעדער,
פאַרשריבן מיט אַ גענזן־פעדער —
געהערט שוין לאַנג צום „אַלט־וואַרג" . . .

— אַנטשולדיק וואָר דיר רײדן אַנטקעגן וועל איך וואַגן,
האָט די מזוזה אָנגעהויבן ניט גאַנץ דרײסט, —
אָבער איך וואָלט פון דיר פאַרלאַנגען,
ווי געהעריק מײן יחוס צו רעספּעקטירן.
דו צו דײן וועלט רעדסט דורך גלאָקן־קלאַנגען;
איך דורך פ ײ ע ר י ק ע א ו ת י ו ת און תגין —

אמת, באַשערט איז מיר צו שטײן בײ די אָרעמע טירן,
(כ'לאָז דיר איבער דעם כבוד פון אַ קאַטהעדראַל,
וואו אַלץ איז אַזוי צירלעך און פּאָרמאַל) . . .
אָבער זאָל דאָס דיך ניט פאַרפירן:
א ו י ך ה ײ נ ט פ אָ ל ג ט מ ע ן װ אָ ס מ ײ ן
פ אַ ר מ ע ט ה ײ ס ט !

יאָ, איך ווייס, מיין אויסקוק איז דיר ניט געפעלן . . .
דאָך מ׳קושט מיך אויף יענער זייט שוועלן . . .
איך מזוזה, וועדליג דיר איז באַוואוסט,
ווער צוליב מיין א י נ ה אַ ל ט געקושט;
דו אָבער — און איך בעט דיך נאָך אַמאָל מחילה —
אויסערלעך קוקסטו אויס גאַנץ פיין אַפילו,
אָבער אין תוך ביסטו גלאַק פּ ו ס ט . . .

## דאָס ליכטעלע און דער שטערן

אין אַ חדר ערגעץ אין אַ ווינקל
האָט אַ ליכטעלע טונקל געברענט;
נעבעך, בעסער האָט עס ניט געקענט . . .
אַ שטערן געטאָן האָט צו איר אַ פינקל,
און גוטמוטיק איבערן קעפּל אַ גלעט, —
האָט דאָס ליכטעלע זיך צערעדט:
— כדי פּאַר מענטשן ליכט צו געבן,
בין איך מקריב מיין לעבן!
איך גיב זיי אַליך וואָס איך פאַרמאָג,
און שיינענדיג ווער איך פאַרצערט;
דאָך קיין ביסעלע כבוד איז מיר ניט באַשערט!
זאָג מיר, דו שטערן, אָ זאָג:
ווען מיר ביידע טוען די אייגענע זאַך,
פאַרוואָס האָט מע בלויז פאַרן שטערן אַ שבח,
און פאַר מיר קימערט קיינעם ניט אויף אַ האָר?
כ׳בין אַ „גראָשענע ליכטל" פאַר זיי —
דאָס גאָר!

אויפ׳ן האַרצן דעם ליכטל געווען איז שווער,
און סע האָט אַ שמעליך געטאָן אַ ברענענדיקע טרער...
ענטפערט שטערן: — כ׳האָב געהערט וואָס דו זאָגסט;
אָבער וואָס קענען מיר דיינע טענות טויגן,
אַז אָפגעשאָצט ווערסטו פון מענשלעכע אויגן!...
כ׳ווייס, ליבינקע, וואָס דו פאַרמאָגסט...

און ביסט ביי מיר זייער וויכטיק;
אָבער די מענטשן, זיי ווייסן בלויז איין זאַך:
ברענסט פאַר זיי ניט גענוג ליכטיק.

מ אָ ר אַ ל :

מיט די „קליינע ליכטעלעך" האָט געדולד!
זיי שענקען אַוועק פאַר אייך דאָס לעבן;
ס'איז ניט זייער שולד,
וואָס זיי קענען  מ ע ר  ניט געבן! . . .

## די הון און די קאַטשקע

הערט אַ מעשה:
אין אַ געוויסן מקום, ניט דאָ געדאַכט,
האָבן די הינער פאַרמאַכט זייער טראַכט,
און אויפגעהערט זיך לייגן!
אָבער געעפנט זיי האָבן די פּיסקעס . . .
און געפּילדערט טאָג און נאַכט!
הינער, וואָס ווילן קיין אייער ניט לייגן,
אויף וואָס, רבותי קענען זיי טויגן?
שדים ווייסן זיי די „קאָמוניסטקעס"! . .

דאָ האָט די שטאָט־אַדמיניסטראַציע
אַרויסגעלאָזט אַ באַפעל:
באַלד אויפן שטעל
מוזן אַלע עופות נעמען וואַקאַציע!
(אָך אויסנאַם זיינען די דאַמען,
מיט די פייער־רויטע קאַמען, —
געשטאַנען בפירוש אין דער פּראָקלאַמאַציע . . . )

הענדום־פּענדום, פּעדער־פּליק,
אין דרייסיק טעג — זיין צוריק;
מאַרש; און מאַכט קיין פוילע שטיק! . . .

האָבן די עופעת געלאָזט זיך קיין פּראשע,
בראש איז געגאַנגען הצנועה וויכנע דוואָשע,
וואָס תמיד געטראָגן האָט זי אַ שייטל;
דעם ספר „לב טוב" (אַ ירושה פון איר בן זוג)
און אויך די תחינה „הבט־לוג" —
האָט זי מיט זיך געטראָגן;
כדי אַ יידיש וואָרט אויפן וועג צו זאָגן.

פּלוצים אַ קאַטשקע פון הינטערן פּלייטל
קריכט אויפן בייכל, וויגט זיך הין און הער,
פּראַכט און סאָפּעט... קענטיק דער גאַנג איז איר שווער,
— קוואַ-קוואַ־קוואַ!
מיטגיין וויל איך מיט קהל, כ'וועל ניט זיין קיין שטער.

— — האַ?!!!
וואָס איז דאָס פאַר אַן אומגליק? —
צעשרייט זיך וויכנע דוואָשע
און מאַכט דערביי אַ בייזע מינע;
לויט נאָך דיין הילוך און דיין פאַרשטאַנד
געהערסטו ניט צום „הינער פאַרבאַנד"! . . .
אָט־אָ באַלד, נעם איך און פיר זיך
מיט דיר, שלים־מזל, קיין פּראשע!
ווייסט אַז „דינא דמלכותא דינא",
אויפ'ן דריטן טאָג מוזן מיר זיין צוריק!
און דו, מיט דיינע קורצע פיסלעך... און לאַנגן שנאָבל,
קענסט בלויז פאַרשאַפן אונדז טראָבל!
נו, טראָג זיך פון דאַנען! קאַטשקע, ריר זיך!

דורשטיק, איז וויכנע דוואָשע
מיט אַלע הינער, אָנגעקומען קיין פּראשע.
וואו נעמט מען אַביסל וואַסער צום טרינקען?
שאַ! עס הערט זיך אַ פּלושקען פון וויטן...
די הינער, אויפגעלעבטע, לויפן פון אַלע זייטן,
און אָט, די קאַטשקע שטייט אין וואַסער,
— קוואַ־קוואַ! האַלט זי אין רופן און ווינקען —

אַוודאי מיר פון וועג, נו, טרינקט מיינע ליבע,
און אָט האָב איך פאַר אייך צוגעגרייט אַביסל קוקערוזע.
דו, דאָ?!... ווי האָט עס געקענט פּאַסירן?
ניט אַנדערש אימיצער האָט דיך געבראַכט צו פירן,
אַזוי האָט געזאָגט וויכנע דוואָשע פון די הינער מסיבה,
אַביסל דערשטוינט און אַביסל אויך מבוזה...

— קוואַ־קוואַ! ניטאָ זיך וואָס צו רימען:
אָבער מ׳זאָגט אויף מיר אַז כ׳קען שווימען . . .
דערזען האָב איך דעם וואַסער־ברעג,
און אַהערצו געקומען מיין אייגענעם וועג . . .

מ אָ ר אַ ל :

געגאַנגען צי געשוואומען,
וואָס איז דער חילוק? אַבי געקומען . . .

## דער לולב און דער וואַנט-לוח

געשטאַנען איז ברוגז דער לולב אין שול
אויבנאָן, סאַמע ביים רבס שטול.
דערזעט ער אויפן וואַנט ס׳הייגנט אַ בלאַט,
מיטן טיטול: „לוח לשנת תש״ט״.
רופט ער זיך אָפּ: — לוח, לוח,
ס׳אַ וועלטעלע אַ ביסל, מעג עס כאַפּן דער רוח.
איך, לולב, הויך מיט אַלע מיינע בלעטער,
טו פאַר קהל זיך מיען בכלל און בפרט . . .
שאָקל פאַר זיי זיך מיט אַלע מיינע גלידער,
נענועים כפי נאָך איטלעכנס סידור . . .
און צום סוף זאָגן אַלע מענטשן:
„א ת ר ו ג  ב ע נ ט ש ן !״
בענטשן לולב שטייט זיי ניט אָן,
אפשר ווייניק פאַר זיי געטאָן?
זאָג־זשע מיר דעם טעם, ליבער פעטער.

ענטפערט דער לוח לשנת תש"ט:
— כ'בין ערשט אַ נייע בלאַט . . .
ניט געזען נאָך די נענועים, לולב ליבער:
דאריבער,
לאָז מיך פריער זען דיין עבודה!

און אַזוי גיך ווי די עדה
איז אין שול געקומען,
האָט דער לולב שאָקלען זיך גענומען . . .
שאָקלט ער זיך רעכטס; — נו, דאָס האָט אַ זין:
„לב חכם לימינו" . . .
האַ, וואָס זע איך? ער איז גאָר אַ „לינקער"?!
ניין, ער בלייבט ניט דערבײַ, דרייט זיך ווידער:
מזרח, מעריב; צפון, דרום; אַרויף, אַראָפּ —
עס כאַפּט אַזש שווינדלען דער קאָפּ . . .
וואָס טוט זיך דאָ? איז ער אַ שיכור, אַ טרינקער?
— ניין, חלילה!

— נישקשה פון אַ טענצער אַפילו, —
האָט דער לוח ענדלעך געזאָגט, —
לויט דיין דרייען זיך און טאַנצן אויף אַלע גלידער,
זע איך, אַז דו פאַרמאָגסט ריטם,
אָבער די מענטשן,
ווילן דווקא אתרוג בענטשן,
דערפאַר וואָס דער אתרוג פאַרמאָגט,
וואָס דיר פעלט — אַ „פּיטום"! . . .

## מאָראַל:

מאַנכע מענטשן שאָקלען זיך פון אַלעם אָפּ,
און מאַנכע — צו אַלעם שאָקלען־צו מיטן קאָפּ!
פרעגט ניט, „וואָס זאָל עס באַדייטן?"
לולבים זיינען זיי, וואָס שאָקלען זיך אויף אַלע זייטן . . .

